# ערנסט טאָלער—

## די טראַגעדיע פון אַ זוכענדען גייסט

פון

חיים ליעבערמאַן

פאַרלאַג „פעדער“
ניו יאָרק, 1924

.1

פאראן א שטימע היינט אין דייטשלאנד, צו וועלכער מען הערט זיך דארט צו, שיער ניט ווי צו דער שטימע פון טאלסטאי, אין זיינע ערשטע יארען, אמאל אין רוסלאנד. פון צווישען די שווערע ווענט פון א מיליטערישען געפענגניש אין בייערן טראגט זיך די דאזיגע שטימע, און ווי דער קול אמאל פון יאסנאיא פאליאנא, אזוי אויך דער קול איצט פון דער שיינעפעלדער תפיסה, איז א קול פאר פרידען, פאר ליבע, פאר סאציאלען יושר, פאר מענשליכער פארברידערונג. די שטימע געהער דעם יונגען דייטשען דראמאטורג ערנסט טאלער.

עס איז שוין גענוג זכות פאר א יונגען קינסטלער, ווען זיין נאמען ווערט אנגעקניפט, ווי עס ווערט אזוי אפט געטאן מיט טאלער׳ן אין דייטשלאנד, אן דעם נאמען פון טאלסטאי. אבער ערנסט טאלער האט נאך אן אנדער זכות. זיין נאמען בינדט זיך אויך אן דעם נאמען פון דאסטאיעווסקי. ווארום עס איז פאראן עפעס פון דעם שיקזאל פון דאסטאיעווסקי אין דעם שיקזאל פון ערנסט טאלער. עס איז באקאנט, ווי דאסטאיעווסקי האט אנגעהויבען זיין קאריערע: ער האט זי אנגעהויבען אויפ׳ן שוועל פון

קבר. דאָסטאָיעווסקי איז פֿאַר׳משפּט געוואָרען צום טויט פֿאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט און איז שוין געשטאַנען, מיט זיינע קאַמעראַדען, געגען דער וואַנט אונטער דעם אָפֿענעם מויל פֿון דער ביקס. נאָר אין לעצטען מאָמענט איז געקומען באַגנאַדיגונג און ער איז געבליבען אַ ליכט פֿאַר דער וועלט.

עפּעס ענליכעס איז פֿאַראַן אין דעם שיקזאַל פֿון ערנסט טאָלער: מער ווי איינמאָל האָט אויך טאָלער דעם טויט אין די אויגען געקוקט. טאָלער איז געווען אַ סאָלדאַט אין דער מלחמה און האָט אַנטייל גענו־מען אין פֿילע שלאַכטען. ווען ער איז פֿאַרוואונדעט געוואָרען, איז ער אָפּגעשיקט געוואָרען אַהיים, אָבער דאָ איז ער אויך אַריינגעטראָטען אין אַן אַרמיי — אין דער רעוואָלוציאָנערער. ער האָט אַנטייל גענו־מען אין דעם קאָמוניסטישען אויפֿשטאַנד אין מינ־כען און איז געווען בילדונגס־מיניסטער אין דער ווייניג־מזל׳דיגער סאָוועט־רעגירונג דאָרט. ביים צו־זאַמענבראָך פֿון דעם דאָזיגען אומגליקליכען עקספּע־רימענט, האָט טאָלער צוגעזען ווי זיינע צוויי נאָ־עטסטע מיטאַרבייטער, דער פֿייער־גייסט קורט אייז־נער און דער פֿיין־גייסט גוסטאַוו לאַנדויער, זיינען ברוטאַל דערמאָרדעט געוואָרען. ער אַליין איז נאָר דורך אַ נס געראָטעוועט געוואָרען און איז פֿאַר׳־

משפט געוואָרען צו געפּענגגיש. דאָס געפענגניש צי־
מער איז ביז איצט געווען אויך זיין שאַפונגס־צימער.

ווי אויפ׳ן לעבען דאָסטאָיעווסקי׳ס, אַזוי אויך
אויפ׳ן לעבען ערנסט טאָלער׳ס, האָט דער דאָזיגער
פאַקט פון טויט אַרויפגעלייגט אַ שווארצע חתימה
און געגעבען אַ באַזונדער כאַראַקטער זיין גאַנצער
דיכטערישער טעטיגקייט.

און נאָך אַן אומשטאַנד איז פאַראַן אין דעם
לעבען פון ערנסט טאָלער, וואָס שטעלט אים, מאָ־
ראַליש אויב ניט קינסטלעריש, נאָענט צו טאָל־
סטאָי׳ן. אַזוי ווי טאָלסטאָי, אַזוי איז אויך ערנסט טאָ־
לער אַריין אין דער קונסט ווי אין אַ טעמפּעל — צו
זוכען אַ תיקון דאָרט פון שווערע זינד. אָבער טאָלער
האָט געבראַכט אַהין אַ פיל באַלאָדענערען געוויסען,
ווי זיין גרויסער רבי. ער איז געקומען אין דער לי־
טעראַטור כדי מיט ליטעראַרישען טינט אָפּצוּ־
וואַשען פון זיינע הענט — מענשליך בלוט. עס איז
שוין דערמאָנט געוואָרען אַז טאָלער איז געווען אַן
אַקטיווער סאָלדאַט אין גרויסען קריג. אָבער וואָס
איז באַדייטונגספולער — ער איז אַריין אַהין אַלס
פרייוויליגער. אַ סטודענט, קוים צוואַנציג יאָהר אַלט.
ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, איז ער פאַר־
כאַפּט געוואָרען פון דעם פייערדיגען אויפשוואונג

פון פאַטריאָטיזם אין דייטשלאַנד און האָט זיך מיט'ן אייגענעם ווילען געשטעלט אין דינסט פון פאָטער־לאַנד. טאָלער האָט ניט נאָר געזען דעם טויט, ער האָט אַליין אויסגעטיילט טויט. „אַ מערדער, ווע־מענס העגנט קאָנען שוין קיינמאָל מער ניט ריין ווע־רען"—אַזוי זאָגט ער וועגען זיך אַליין אין אַן אויטאָ־ביאָגראַפישען נאָטיץ. ווי טאָלסטאָי — אַ בעל־תשובה. האָט זיין דיכטונג די אייגענאַרטיגע אייגענ־שאַפטען פון תשובה דיכטונג: זי איז ניט קיין רעפ־לעקסיווע, זי איז אַן אימפולסיווע; זי קומט ניט פון דרויסען, נאָר קוועלט פון אינווייניג; זי „שפיגעלט" ניט אָפּ דאָס לעבען, נאָר שפּריצט עס אַרויס מיט גלוט און פייער. ערנסט טאָלער'ס דיכטונג איז אַ גיהנם, וואו עס לייטערט זיך זיין אייגענע נשמה. דראַמע איז אין איר טבע אומפּערזענליך; אָבער טאָלער קאָן ניט בלייבען אָביעקטיוו. זיינע דראַמען, כאָטש סאָציאַלע, זיינען אין אמת'ן דראַמאַטישע ליריק.

ערנסט טאָלער האָט געשטעלט זיין קונסט צו דינסט פון אַן אידייע און אַ מיסיע. די מיסיע איז: די אויסלייזונג פון דעם „פאַרשאָטענעם" מענשען. „דער פאַרשאָטענער מענש"—דאָס איז טאָלער'ס כאַ־ראַקטעריסטישער אויסדרוק. פאַרשאָטען ליגט דער

אייראָפּייאישער מענש אונטער דעם מיסט פון דער אייראָפּייאישער ציוויליזאַציע, אונטער אירע בערג פון שטאָל און אייזן, אונטער׳ן אָפּפאַל פון אירע ווערקשטאַטען, אונטערן שוט פון אירע שטיין און ציגעל, אונטער אירע וואָלקענס פון שטויב און רויך. „גוואַלדיגע מאַשינען דונערען טאָג און נאַכט — שרייט אוים דער העלד פון „וואַנדלונג" — טויזענ־טער רידלען האַלטען אין איין רודערען זיך, כדי אָנצוּוואַרפען וואָס מער שוט אויפ׳ן גייסט. איר זייט אַלע קאַריקאַטורען פונ׳ם אמת׳ן מענשען, איר פאַראַרימטע, איר פאַרשאָלטענע, איר געבונדענע, איר קייכענדיגע, איר פאַרביטערטע, איר מענשען אָן לעבענס־תענוג. ווייל איר האָט באַגראָבען דעם גייסט"...

דער מענשליכער גייסט פאַרשאָטען, דער מענש־ליכער גייסט באַגראָבען — דאָס איז טאָלער׳ס וואַריאַנט פון דעם אַלטען מאָטיוו, דעם מאָטיוו פון דער אונטערגייענדער מענשליכער פּערזענליכקייט, וואָס איז דער אונטערטאָן אין גאָר דעם דיינקען און שאַפען פון אונזער עפּאָכע, אָנהויבענדיג פון רוסאָ ביז אונזערע טעג.

די דראַמאַטישע דיכטונג איז די קאָנצענט־רירטעסטע קונסט, און אין ערגעץ לאָזט זיך ניט

דער דאָזיגער גייסט פון אונטערגאַנג אַזוי לייכט נאָכ־שפּירען ווי אין דער דראַמאַטישער ליטעראַטור — פאַרגלייכט מען די אַלטע טראַגעדיע מיט דער נייער, אונזערער. „דער געבונדענער פּראָמעטעאוס", „קעניג אָדיפּוס", „איוב", זיינען מוסטערען פון דער טראַגעדיע פון אַלטערטום. „נאָרא" איז אַ טיפּישע דראַמע פון אונזער צייט.

דער גאַנצער זין פון אונטערגאַנג, דאָס גאַנצע בילד פון דער דעקאַדענץ פון מענשליכען גייסט טרעט אַרויס אין העלען, טראַגישען ליכט — שטעלט מען די דאָזיגע ווערק נעבען איינאַנדער און פאַר־גלייכט מען די צוויי באַגריפען פון מענשליכער טראַגעדיע, וואָס ליגען אין זייער פילאָזאָפיע. שטעלט מען „דעם געבונדענעם פּראָמעטעאוס" פון איין זייט און „נאָרא" פון דער צווייטער, איינס נע־בען אַנדערען, איינס געגען אַנדערען, באַקומט זיך זעהר אַ מעלאַנכאָליש בילד. ביידע ווערק האָבען פאַר זייער טעמע — דעם קאַמף פאַר דער באַפריי־אונג פון דער מענשליכער פערזענליכקייט. אָבער געגען וועמען קעמפט פּראָמעטעאוס? פּראָ־מעטעאוס, אַליין האַלב מענש, האַלב גאָט, קעמפט געגען צעאוס'ן, דעם גאָט פון די געטער, דעם טיראַן

פון די וועלטען. און ווער איז נאָרא'ס געגנער, געגען וועמען איז זי געצוואונגען אויפצושטיין אין רע־וואָלט פאַר איר פרייהייט?

געגען העלמאר'ן — אַ באַנק־קלערק . . .

פון איין זייט — צעאוס, יאהווע; פון דער אַנ־דערער זייט — אַ קליינער, נישטיגער, גייסטיג־באַ־שריינקטער באַנק דירעקטאָרעל, — אַ שמערצליכע־רער קאָנטראַסט קען קוים געמאָלט זיין. זאָג מיר ווער דיין פריינט איז און איך וועל דיר זאָגען ווער דו ביסט — לויפט דאָס אַלטע שפּריכוואָרט. אָבער עס גילט אויך אַן אַנדער נוסח: זאָג מיר ווער דיין ש ו נ א איז, און איך וועל דיר זאָגען ווער דו ביזט. צוערשט צעאוס און יאהווע אַלס אַנטאַגאָניסטען פון מענשליכער פרייהייט, צולעצט העלמאר — דאָס איז אַ גרויסע ירידה. דאָס איז די ירידה פון אונ־זער צייט.

דיזעלבע ירידה פילט זיך אויך קלאָר אין אַנ־דערע פעלדער פון שאַפען. פלאַטאָ האָט זיך געקאָנט פאַרמעסטען צו שאַפען אַן אוטאָפּיע אַזוי שיין און ברייט אין איר פאַרנעם, אַז זי האָט געטויגט נאָר צו הייגגען אין דער זון אַלס סימבאָל. נאָך אין זיבע־צענטען און אַכצענטען יאָרהונדערט האָבען די פי־לאָזאָפען געוואגט צו שאַפען סיסטעמען, גרויס ווי

דער אוניווערזום, ניין, נאָך גרעסער, וואָרום זיי האָבען געוואָלט דעם אוניווערזום אַרומנעמען, דערקלערען, כולל זיין אין זיך. נאָך אַזוי נאָענט צו אונזערע טעג איז געשאַפען געוואָרען די מאָנומענטאַלע קונסט פון דער רענעסאַנס, די מאָנומענטאַלע מוזיק פון באַך און בעטהאָווען. היינט האָט דעם פּלאַץ פון דער פילאָזאָפישער סיסטעמע פאַרנומען די פילאָזאָפיע, די מאָנומענטען פון דער רענעסאַנס זיינען פאַרביטען געוואָרען אויף די עקספּערימענטען פון היינט, אַנטקעגען דער „פּאַסיאָנס־מוזיק" באַכ'ס, דער „הערויקא" בעטהאָווענ'ס — די „דזשאַז"־מוזיק פון אַ טאָג.

עפּעס איז פאַרלאָרען געגאַנגען אין דעם מאָדערנעם ווערק, אין דעם מאָדערנעם שאַפען, אין דעם מאָדערנעם מענשען, עפּעס פון גרויסען שוואונג, פון ברייטען פאַרנעם, פון מעכטיגען וואַגען — טראָץ אַלע נצחונות איבער דער נאַטור. צעאוס קעמפט געגען פּראָמעטעאוס'ן מיט דונער און בליצען, יאַהווע איבערוועלטיגט איוב'ן דורך מעכטיגע וועלט־וויזיאָנען, אָבער עגמטראַד קעמפט געגען נאַראָ'ן מיט — אַ פּאַפּירענעם וועקסל. עפּים איז פאַרלאָרען געגאַנגען פון וועלט־ריטם, פון ברייטען קאָסמישען טאַקט אין דעם מאָדערעם שאַפען, אין דעם

מאָדערעם מענשען. עפּעס איז די מענשליכע פּער־
זענליכקייט איינגעשרומפּען געוואָרען, ערגעץ איז
דער מענשליכער גייסט—אין טאָלער׳ס ווערטער—
פ אַ ר ש אָ ט ע ן געוואָרען.

און פאַרשאָטען געוואָרען איז דער מענשליכער
גייסט ניט נאָר שעפּעריש, נאָר אויך עטיש: „אייע־
רע אייגענע הערצער זיינען אָנגעצויגען אויף שוס־
טערשע קלעצלאַך!" — שרייט אויס דער העלד אין
דער „וואַנדלונג" און „די ה ע ר צ ע ר פון אייערע
מ י ט מ ע נ ש ע ן זיינען פאַר אייך נאָר ג ל ע ק־
ל אַ ך צו ציען, ווען עס גלוסט זיך אייך" . . .
און ווייטער: אייערע הענט בויען אוים מויערען
אַרום אייך, און זאָגט: ד י ו ו אָ ס א ו י ף
י ע נ ע ר ז י י ט זיינען ו ו י ל ד ע".

ווי אַזוי איז עס געקומען צו דערדאָזיגער קאַ־
טאַסטראָפע פון גייסטיגען מענשליכען נידערגאַנג?

ווי פאַר אַזוי פיל אַנדערע, איז אויך פאַר טאָ־
לער׳ן דער מקור פון דעם אומגליק — די ציוויליַ־
זאַציע: דער צו שאַרפער ריס צווישען מענש און
נאַטור און די צו שאַרפע אונטעריאָכונג פונ׳ם מענ־
שען צו דער מאַשין. דער פלאַסטער פון דער ציווי־
ליזירטער שטאָט שיידט דעם מענשען פון דער ערד,
די מאַשין שטייט צווישען אים און זיין אַרבייט ;

קריגט ער ניט די קראפט פון באָדען, און געניסט ניט די פרייד פון שאפען. „פארשטויסען האט מען אונז פון אונזער מוטער ערד — קלאגט א גרופּע לאנד־ארבייטער אין „מאסע־מענש“ — מיר זיינען פון אונזער שאָלעכץ אנטוואָרצעלט; די פרידלאָזע שטעט צעברעכען אונזער קראפט“ . . . „מיר מוזען צוריקגיין אויף דאָס לאנד — קלאגט אן אנ־דערער אין „מאשינען־שטירמער“ — מיר האָבען דאָס בלוט פון גרויסע שטעט ווי גיפט אין אונזער לייב“ . . . און קעגען דער מאשין ווערט געבראכט די קלאגע, אז „ווי א גיהנם־צווענגע פאקט אייך דער טייפעל דאמף און ער רייסט אייך דאָס הארץ פון דעם לייב און זויגט און זויגט און זויגט אין שטיקער דעם לעבעדיגען קערפּער“ . . . ערד, מענש, מאשין — דאָס זיינען די דריי צדדים אין א גרויסען פּלאָנטער, די דריי עלעמענטען אין א טראגישען פּראָבלעם. אָבער ערנסט טאָלער זעט ניט קיין פונדאמענטאלען ווידערשפּרוך צווישען נאטור און מענש, ווי מאנכע, קיין פונדאמענטאלע סתירה צווישען מענש און מאשין, ווי אנדערע. פאר שאָפּענהאוער׳ן זיינען נאטור און מענש — צוויי שונאים. פאר רוסאָ׳ן איז די מאשין (פארקער־פּערטער גייסט) א האַק אריינגעשניטען אין דעם לע־

בעדיגען בוים פון דער נאטור, ד. ה. א פרעמדער, פיינדליכער עלעמענט געגען דער נאטור. ערנסט טאָלער האָט אָן איינפאַכען, כמעט נאַיווען בליק אויף דער זאַך. פאַר אים „וועט די ערד אייך ווי־דער דער שוים פון קראַפט זיין“ און „דער טיראַן מאַשינע, באַזיגט פון גייסט פון שאַפענדע מענ־שען, ווערט אייער ווערקצייג, ווערט אייער די־נער“ . . . ווען נאָר די פאַרברידערונג פון אַלע אַרבייטער, פון גאַנצען ווערקער־פאָלק קומט צו־שטאַנד. די נאַטור איז אַ גוטע מוטער, און די מאַשין איז פאַר טאָלער'ן אויך — נאַטור. די מאַ־שין איז ניט אַ קראַנקהייט און ניט קיין בייזער גייסט. זי איז אויך אַ נאַטור־קראַפט, אַ סטיכיע, וועלכע לעבט אין איר אייגענעם זכות און קאָן ניט אָפגעשאַפט ווערען, אַזוי ווי קיין נאַטור־קראַפט קאָן ניט אָפגעשאַפט ווערען. צו די אַרבייטער, וואָס זעען זייער דערלייזונג אין דער פאַרניכטונג פון דער מאַשין, טענה'ט „די פרוי“ אין „מאַסע־מענש“:

עס איז אַ טרוים, וואָס פאַרשטעלט אייער בליק,
אַ טרוים פון קינדער, פון נאַכט דערשראָקען.
דען זעט: מיר לעבען צוואַנציגסטען יאָרהונדערט.
צו אָנערקענען איז:
פאַבריק איז ניט מער צו צעשטערען.

נעמט דינאַמיט פון דער גאַנצער ערד,
לאָזט איין נאַכט די פאַבריקען אויפרייסען
אין נעקסטען פרילינג זיינען זיי אויפגעשטאַנען
און לעבען גרויזאַמער ווי פריער.

פון דער מאַשין איז ניט מער באַפרייט צו ווערען. ווי יעדע נאַטור — טרייב זי'ן דורכ'ן טיר און זי קומט אַריין דורכ'ן פענסטער. זי וואַקסט מיט'ן פרילינג, ווי גראָז, ווי בלום און בוים.

ווי יעדע נאַטור־קראַפט איז די מאַשין אין זיך אליין ניט גוט, ניט שלעכט; אָבער ווי יעדע נאַטור־קראַפט קאָן זי זיין אַ פעולה, אָדער חסרון — עס ווענדט זיך ווי זי ווערט אויסגענוצט. איצט ווערט די מאַשין שלעכט אויסגענוצט. ניט דער דינער נאָר דער האר איז זי ביי דעם מענשען געוואָרען. דאָס איז אַן אומגעקערטע באַציאונג, אַ דיסהאַרמאָניע. און די דיסהאַרמאָניע צווישען מענש און מאַשין האָט אויך געבראַכט צו אַ דיסהאַרמאָניע צווישען מענש און ערד.

דאָס איז גאָר דאָס פּראָבלעם פאַר ערנסט טאָלער. ניט קיין פונדאַמענטאַלע שנאה איז פאַראַן צווישען ערד, מענש און מאַשין, נאָר אַ — מיספאַרשטענדניש. די דריי קרעפטען האָבען זיך נאָר ארויסגעשלאָגען פון גלייכגעוויכט. און דאָס פּראָב־

לעם איז — צו ברייגגען די דריי צוריק אין באַ־
לאַנס, צו לאָזען דעם פּענדולום פון דער צייט ווידער
געווינען זיין ריטם.

ווי אַזוי און פון וועמען וועט די דאָזיגע הערא־
אישע אויפגאַבע דערגרייכט ווערען ?

פון דעם מענשען, ווען זיין גייסט, אונטער
בערג קולטור־מיסט פאַרשאָטען, וועט באפריים ווע־
רען, שעפעריש און עטיש.

און ערנסט טאָלער נעמט זיך אונטער מיט זיין
פעדער אויסצוגראָבען דעם פאַרשאָטענעם מענשלי־
כען גייסט פון אונטער די מיסטיגע בערג פון דער
ציוויליזאַציע.

.2

די ערשטע דראַמע טאָלער׳ס הייסט „וואַנד־
לונג".

וואַנדלונג — פון וועלכען צושטאַנד אין וועל־
כען, פון וועלכען אויסגאַנגס־פונקט צו וועלכען ציל־
פונקט ?

דער אויסגאַנגס־פונקט איז דער פאַרשאָטענער
און ווי אַ וואָרים־צעטראָטענער מענש פון איצט,
דער ציל־פונקט — דער באַפרייטער, שעפערישער,
גליקליכער מענש פון שפּעטער.

אָבער דער וועג ליגט — דורך דעם עטישען מענשען. דער עטישער מענש איז פאַר טאָלער'ן דער יסוד אויך פון דעם שעפערישען מענשען. קול־טור פאַר טאָלער'ן מיינט — עטישע קולטור. ווען דער „דינער פון טאָג" רופט די דערוואַכטע מאַסע צו מאַרשירען שוין, באַלד, איצט, האַלט זיי דער וואַנדלונגס־העלד צוריק מיט דעם רוף: „און איך וויל, אַז איר זאָלט פאַרמאָגען פריער דעם גלויבען אין מ ע נ ש ע ן איידער איר נעמט מאַרשירען; איך וויל איר זאָלט ל י י ד ע ן נ ו י ט. אויב איר פאַרמאָגט דעם גלויבען ניט . . . וואַרט־צו, וואַרט נאָך איין טאָג, וואַרט ביז ה אַ ל ב ע ן ט אָ ג" . . .

און האַלבער טאָג איז, ווי באַוואוסט, די ליכ־טיגסטע צייט פון טאָג. בלויז ביי פול־אויפגעלויכ־טענעם געוויסען איז די צייט אריינצומאַרשירען אין דעם נייעם לעבען, נאָר דער פול־ערוואַכטער מענש וועט ראוי זיין אריינצוגיין אין פאַרשפּראָכע־נעם לאַנד.

וואָס אָבער מיינט מ ע נ ש פאַר טאָלער'ן?

ניט מער און ניט ווייניגער ווי — גאָט.

„איך זע דעם וועג ניט, איך בין געבלענדט" — שרייט דער וואַנדלונגס־העלד, פרידריך, צו דער

געהיימניספולער „שוועסטער"; און די שוועסטער, זיין פירענדער גייסט, ענטפערט: „לאז מיך שי־צען דיינע אויגען, וועסטו זען. דיין וועג פירט דיך צו גאט . . . צו גאט וואס איז גייסט און ליבע און כח; צו גאט, וואס לעבט אין דער מענשהייט. דיין וועג פירט דיך צו די מענשען".

גאט און מענש — סינאנימען. גאט איז מענש, מענש איז גאט.

עס איז ווידער אמאל—די לערע פון גוטען מענ־שען, די „רעליגיע פון דער מענשהייט", וואס גייט צוריק דורך טאלסטאי, דורך באקונין, דורך אויגוסט קאמט, ביז אויף רוסא, וואלטעיר און די אנדערע פי־לאזאפען פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע. עס איז דער קול פון דעם קינד, וואס דער פריידיינקער־רישער גייסט האט געבארען. דער אפיקורסישער גייסט פון אכצענטען יארהונדערט האט ארונטער־געזעצט גאט און האט אויף זיין טראן ארויפגעזעצט דעם מענשען. איז גאט ארויסגעשאפט געווארען פון דעם לעבען פון דער מענשהייט, האט עס געהייסען, אז דער מענש נעמט איבער אויף זיינע אייגענע פליי־צעס די פירונג פון דער וועלט. דער מענש האט זיך דערקלערט אויטאנאם, בכח אליין און בעסער צו ארדענען זיין לעבען. מענש איז געווארען גאט

אין בוכשטעבליכען זין פון וואָרט. די פראַנצויזי־
שע רעוואָלוציע האָט זיך געמאַכט זיין „פאַרשטאַנד"
פאַר איר „געטין". אויגוסט קאָמט און זיינע
תלמידים האָבען אויסגעאַרבייט אַ ריטואַל צו דינען
דעם מענשליכען געניוס. דער אַנאַרכיזם, דער קאָ־
מוניזם, דער אוטאָפּיסטישער און אפילו דער ווי־
סענשאַפטליכער סאָציאַליזם — אַלע האָבען גע־
בויט אויפ'ן גוטען, אויפ'ן עטישען מענשען. טאָל־
סטאָי האָט געזאָגט: „דאָס קעניגרייך פון גאָט איז
אין אייך". באַקונין האָט געלערנט: „גאָט איז,
דעריבער איז דער מענש אַ שקלאַף; דער מענש איז
פריי — דעריבער איז קיין גאָט ניטאָ". און דער דע־
מאָקראַטיזם האָט געפּריידיגט: די שטימע פון
פאָלק איז די שטימע פון גאָט.

קיינמאָל פריער האָט די געשיכטע ניט געוואוסט
פון אַזאַ פאַרהערליכונג און פאַרגעטערונג פון דעם
מענשען. און צו דער דאַזיגער ליכטיגער ירושה פון
צוויי יאָרהונדערטען וויל עס טאָלער פרידריכ'ן פון
דער איצטיגער פינסטערניש אַרויספירען.

דאָס איז דער לייט-מאָטיוו פון דער „וואַנד־
לונג".

די „וואַנדלונג" איז קינסטלעריש זייער אַן איי־
גענאַרטיגע זאַך. עס וועט שווער זיין צו געפינען

אין דער יונגער דראַמאַטישער ליטעראַטור נאָך אַ ביישפּיל פון אַ דראַמע, וואָס זאָל זיך פאַר־מעסטען אויף אַזאַ גרויסען פּראָבלעם און וואָס זאָל באמת אַזוי פיל אַרומנעמען. די „וואַנדלונג" איז אפשר דאָס קאָנצענטרירטעסטע ווערק אין דער ליטעראַטור פון אונזער צייט. ביי איין פּאָ־לוס — די לעצטע טעג רעאַקציע, ביים אַנדערען — די ער'שטע טעג רעוואָלוציע, אינצווישען — די גרויסע מלחמה; און די דאָזיגע דריי פאַזען דורכגע־פירט אויף אַ צאַרט עמפינדליכער נשמה, וועלכע מאַכט דורך די פיינען פון איבערגעבורט. און די מלחמה אליין ווערט ווירקליך אַרויפגעפירט אויף דער בינע — אַ זאַך וואָס וועניגע האָבען געפּרובט און נאָך וועניגערע מיט ערפאָלג. די „וואַנדלונג" איז אָנגעפּראָפּט מיט האַנדלונג. זי איז ווי אַ ספּרו־זשינע: קליין אין רוים, אָבער פול געשפּאַנט מיט ענערגיע.

די פאָרמע אין וועלכער טאָלער האָט אויסגע־שמאָלצען דאָס ווערק איז פיין עמפּונדען לויט דעם אינוויינינגסטען כאַראַקטער פון דעם אינהאַלט. דער אינהאַלט איז — דער חורבן פון דער מלחמה, דער וואַנזין, דער כאַאָס אין דער חרוב־געוואָרענער מענשהייט. עס איז אַ טעמע פון פאַרווירונג, צו־

מישוגע, צעריסענקייט, צעבראָכענקייט, פון וויל־
דען זוירוואַר, און אַזאַ טעמע האָט זיך קוים גע־
קענט אונטעראָרדנען צו אַן אָפּגערונדערטער, גלאַ־
טער אַרכיטעקטור, וואָלט זיך קוים געלאָזט אויפ־
שטעלן אין דעם פיין אויסגעבאַלאַנסירטען בנין פון
דער דראַמע. דער דיכטערישער חוש האָט אונטער־
געזאָגט אַ בעסערע אַרכיטעקטור: ווי ברוכשטי־
קער פון כאַאָס זיינען די סצענעס אָנגעוואָרפען איי־
נע אויף דער אַנדערער, מיט רויע זייטען, מיט טעמ־
פע ווינקלען, מיט שאַרפע שניידיגע שפּיצען. עס איז
אין דער „וואַנדלונג" ניטאָ קיין אויסגעהאַלטענע
פאַבולע, קיין געבונדענע געשיכטע, איינגעטיילט
אין אַקטען. אָנשטאָט אַקטען זיינען דאָ פאַראַן
„סטאַנציעס", די סטאַנציעס וועלכע עס מאַכט דורך
דער העלד אין זיין „וואַנדלונג", און די אַלע סטאַנ־
ציעס און בילדער זיינען אָרגאַניש ניט פאַרבונדען
צווישען זיך. זיי וואָלטען געקענט איבערגעשטעלט
ווערען אין זייערע פּלעצער אין דעם ווערק, אָדער
זיי וואָלטען געקענט פאַרביטען ווערען מיט אַנדע־
רע. זייער איינציגער באַנד אין דעם גאַנצען ווערק
איז — דער העלד, פרידריך, וואָס גייט אין זיי דורך.
אָבער אַפילו דאָס איז ניט דורכאויס אויסגעהאַלטען.
וואָרום אין איניגע סצענעס דערשיינט דער העלד

ניט אליין, נאר „ביי פראקסי": אן אנדער, צופע־
ליגע פערזאן האט „פרידריכ'ס פנים". אבער ניט
קוקענדיג אויף דער גאנצער צוברעקעלטקייט פון
דער האנדלונג דערגרייכט דאס ווערק א מערקוויר־
דיגע איינהייטליכקייט פון עפעקט און הויפט אויף
א גוואלדיגע קראפט.

שוין אין דעם סטיל אליין איז קענטיג, אז
„וואנדלונג" איז ניט קיין אביעקטיווע דראמע, נאר
א ודוי־דראמע. די שפראך איז איילינג — ווי אין
אימפעט; אפגעהאקט — ווי ביי א פארכאפטען
אטעם; שניידיג — ווי פון צווישען פארביסענע ציין;
קראמפהאפטיג — ווי אוים שווערע ווייען: א טיף־
סוביעקטיווער סטיל. ניט פאר עמיצען רעדט טא־
לער, נאר ער לאזט עמיצען ריידען פאר זיך. עס
איז ווי טאלער וואלט געשטאנען הינטער פרידריכ'ן
און אים אונטערגעזאגט: האסטיגער, שטארקער,
ברענעדיגער. ווארום אזוי פיל שטייט אין קאן:
די אויסלייזונג פון דעם מענשען!

טאלער פארקערפערט זיך אליין אין פרידריכ'ן
אינגאנצען, — אפילו אין דעם פרט פון זיין אידיש־
קייט. ווארום פרידריך איז א איד. גלייך אין דער
ערשטער סצענע דערזעען מיר פרידריכ'ן אין זיין
אידישער טראגעדיע, אין דער טראגעדיע פון דעם

אַנטוואָרצעלטען מענשען. די צייט איז וויינאַכטען, די סצענע — אַ גאַס באַלויכטען אַרום פון די אָנגעצונדענע ניטל־בוימער: שאַרפער ווי שטענדיג דערפילט פרידריך זיין אָפּגעריסענקייט, זיין פרעמדקייט אין דער דאָזיגער אַרומיגער וועלט. „זיי צינדען אָן ליכט דאָרט אַנטקעגען — רעדט ער צו זיך אַליין — ליכט פון ליבע, מיסטעריעס אַנטפּלעקען זיך . . . און איך בלאָנקע אום ווי אַ פאַרשטויסענער, פון איין ברעג צום אַנדערען. פרעמד פאַר יענע דאָרט, ווייט פון די דאָ — אַ פאַל־און־שפּרינג מענשעלע . . . לייגנער וועל איך מער ניט אַרומשלעפען אין זיך די דאָזיגע צעריסענקייט" . . .

ווי אַזוי אָבער גייט מען אַריבער צום אַנדערען ברעג, ווי אַזוי גיסט מען זיך צונויף מיט יענע דאָרט ? טענה'ט דאָך די מוטער פרידריכ'ס: „זיי פאַרטראָגען אונז נאָר, זיי פאַראַכטען אונז".

עס קומט אַריין פרידריכ'ס קריסטליכער פריינט און ברייגגט די נייס: „ביינאַכט זיינען אַרויס עקסטראַ בלעטער: דער קאַמף געגען די ווילדע האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָרט אין די קאָלאָניעס; עס איז אויסגעקלעפט, אַז פרייוויליגע קענען זיך מעלדען". און פרידריך כאַפּט זיך אויף ווי פון אַ גרויסער וויזיע באַגייסטערט: „אַצינד קען איך טאָן

מיין חוב, אַצינד קען איך דערוווייזען אַז איך באַ־
לאַנג צו זיי . . . אָ, דער קאַמף וועט אונז אַלעמען
פאַראייניגען, די גרויסע צייט וועט אונז אַלעמען
מאַכען גרויס. אויפשטיין וועט פון דאָס ניי דער
גייסט. פון דאָס ניי וועט ער זיך אַנטפּלעקען אין
זיין אומענדליכער שיינקייט" . . .

דער „פאַרשאָטענער מענשליכער גייסט" . . .

די דאָזיגע קורצע סצענע איז אַ גוטער ביישפּיל
פון טאָלער'ס מייסטערשאַפט פון קאָנצענטראַציע.
אַלע זיינע הויפּט־מאָטיווען זיינען דאָ צוזאַמענגע־
בראַכט: גענען דעם פאָן פון קריסטליכער ליבע
— דער איד, דער אייביגער קרבן פון ראַסען־האַס;
אין דער אַטמאָספערע פון וויינאַכטליכען פרידען —
אַ קריגס־רוף גענען „ווילדע"; אין בלוט־קאַמף פאַר'ן
פאָטערלאַנד — דער געדאַנק פון מענשליכער פאַר־
אייניגונג און דער רעאַליזירונג פון מענשליכען
גייסט. און אין מיטען פון אָט דער פאַרווירונג —
אַ נשמה וואָס מאַטערט זיך און זוכט אַ וועג צו
דער ליכטיגקייט אַרויס . . .

מאַכענדיג פרידריכ'ן פאַר אַ אידען, האָט טאָ־
לער זיך נאָך אַן אַנדער דראַמאַטישע מעגליכקייט
געשאַפען, די מעגליכקייט אויסצונוצען דעם מאָטיוו
פון פאַטריאָטישען פאָטערלאַנד דינאַמיש, ניט סטאַ־

טיש. וואָרום פאַר דעם  א י ד ע ן  פרידריך איז דאָס פּאַטריאָטישע פאָטערלאַנד אַ זאַך צום  ד ע ר ־ ג ר י י כ ע ן,  אַן אידעאַל צו געווינען. די מלחמה געגען די ווילדע זאָל אים ערשט ברייגגען דאָס פאָ־טערלאַנד, דעם טעם פון יענער ליבע פון פאָטער־לאַנד צו זיינע קינדער, וואָס איז אויף זיין גורל פרי־ער ניט אויסגעפאַלען. אין פרידריכ׳ס אידישען פּאַטריאָטיזם איז אַלזאָ פאַראַן אַ דראַמאַטישער שטייגען אויף אַרויף, און דעריבער אַ טיפערע דראַ־מאַטישקייט אין זיין אַנטוויקלונג, אין זיין שטורץ אויף אַראָפּ.

דער דאָזיגער אויפטריט פרידריכ׳ס איז נאָר אויטאָביאָגראַפישעם פון טאָלער׳ס אייגענער פאַר־גאַנגענהייט. אַזוי ווי פרידריך איצט אַזוי האָט טאָלער מיט נאָר איינינגע יאָר פריער זיך פרייוויליג געשטעלט אונטער דער פאָטערלאַנדס־פאָן און גע־האָפט, אויפ׳ן שפיץ פון שווערד אַרויסצוטראָגען די זון איבער די קעפּ פון דער מענשהייט.

און פרידריך גייט אַוועק דעם וועג פון „פאָטער־לאַנד“. פון דעם דאָזיגען פונקט אָן ווערט די קליינע דראַמע: אַ וואוין־אָרט פון פוריעס, אַ קאַליידאָס־קאָפּ פון שוידערן. ווען אַ דעמאָן וואָלט געפירט

מיט דעם דיכטער'ס האַנט וואָלט די מלחמה ניט גרוילהאַפטער, ניט טייפעלשער, ניט מעפיסטאָפע־לישער אויפגעמאָלט געוואָרען. עס פילט זיך: די מלחמת־שרעקען וואָס ער האָט צוגעזען פלאַטערן נאָך אין זיין נשמה, וויבּרירן נאָך אויף זיינע אָדערן, ציטערן נאָך אין זיין בלוט. דער דיכטער פירט אַרוים סקעלעטען אויף דער בינע, מענש־ליכע ביינער פון קברים צו שפילען ראָלע: טויט מאַרשירט אויף דער בינע! טויט — און לעבען וואָס איז ערגער ווי דער טויט. שרייט אַ דולער: טרינקען! באָט אים פרידריך וואַסער, און דער דולער לענקט אָפּ: איך דאַרף ניט, כ'טרינק מיין בלוט . . . קלאָגט אַ פאַרוואונדעטער אָן פיס: נעמט צו די מתים. זיי ווילען מיר אָפּזעגען די פיס, און איך האָב דאָך גע־וואָלט טאַנץ־לערער ווערען... וויינט אַ געליימטער: איך ווייס ניט, בין איך נאָך אַ מענש אָדער אַ לע־בעדיגע מיסט־גרוב. מיין נשמה איז פון גרוים עקל אָפּגעשטאָרבען . . . דערציילט אַ קאָנוואולסיווער, וואָס איז פאַרשאָטען געווען: איך האָב געפרעסען ערד אַ פולע מויל — דורכגעפרעסען זיך אַ לאָך צום ליכט... און וועגען אַן אַנדערען ווערט געזאָגט: אומזיסט אייער ריידען צו אים. ער געדיינקט קיין

זאָך ניט, ער וויינט ווייל ער מיינט, ער דאַרף וויי־
נען: אַזוי פיל קען ער נאָך באַקלערען . . .

אָט מיט אַזעלכע בילדער איז איבערפילט די
„וואַנדלונג“: וואָס אַ שטריך — אַ בילד, וואָס אַ
בילד — אַ שווידער.

און עס קען דוכט זיך קיין מער שווידערליכע,
מער פּאַטעטישע, מער איראָנישע זאַך ניט זיין ווי
די סקעלעטען־סצענע אין דער „צווייטער סטאַנציע“.
די סצענע שטעלט פאָר דראָט־צאַמען אויף וועלכע
עס הייגגען סקעלעטען באַשפּריצטע מיט קאַלך. אַ
גרופּע סקעלעטען הויבען זיך אויף פון דעם דראָ־
טען־צאַם און גייען טאַנצען. אַנדערע קלאַפּען אויס
די מוזיק — מיט ביינער פון מענשליכע הענט און
מענשליכע פּיס. איין סקעלעט נאָר פּאַרשטעקט
זיך אין אַ ווינקעל, שעמט זיך אַרויסגיין, האַלט די
הענט אויף דער שאַנד: דער סקעלעט איז פריער
געווען אַ דרייצען־יעריג מיידעל, וואָס איז געשטאָר־
בען אונטער די הענט פון שענדער . . . לאַכען די
איבעריגע סקעלעטען: צו וואָס זיך שעמען? איז
דען איצט נאָך דאָ אַ חילוק? אַלע אַלציינס, אַלע
אַלציינס — געשענדט . . .

צווישען אָט אַזעלכע שרעקען וואַנדעלט עס
פרידריך צו זוכען זיין אידעאַל, דעם אידעאַל פון

פאַטערלאַנד. עס גרוילט אים פון דעם געדאַנק אַז דאָס איז פאַטערלאַנד, אָבער ער פאַרבייסט מיט די ציין: עס איז פאַרט פאַטערלאַנד. און דאָס פאַטערלאַנד איז אויף אַלץ מכפר.

מינדעסטענס אַ טייל פון זיין אידעאַל דערגרייכט פרידריך, אָבער נאָר אויף אַ פליכטיגען אויגענבליק: נאָך איידער ער דערגרייכט אים פאַרלירט ער אים. מיט שמחה קומט אריין אַן אָפיציר אין זיין קראַנקען-צימער וואו ער ליגט אַ פאַרוואונדעטער און ברייננגט אים אויסצייכנונג, אַ צלם, און די ערקלערונג אַז דאָס פאַטערלאַנד האָט אים ענדליך אויפגענומען. אוים פרעמדער, מיט בירגעררעכט באַשענקט. אָבער די דאָזיגע מתנה ברייננגט ער אים אַלס פייערונג פונ׳ם גרויסען זיג פון פאָטערלאַנד: אָט ערשט זיינען צען טויזענט פון דעם פיינט געטויט געוואָרען אין שלאַכט. און פרידריכ׳ן גייט ניט איין דער נחת: „דורך צען טויזענט טויטע באַלאַנג איך צו זיי" — רעדט ער צו זיך.

און אַזעלכע „סטאַנציעס" מאַכט פרידריך נאָך ווייטער דורך, „סטאַנציעס" אין וועלכע ער דערזעט בעשיינפערליך, צו זיין גרויסען שמערץ און גרויסער איבערראַשונג, אַז די וויסענשאַפט קען די קונסט פון צעשטערען מענשליך גליק בעסער ווי די

קונסט עס צו בויען; אז די רעליגיע פון ליבע איז נאָר אַן איינזייטיגער ענין — ליבע צו זיך, שנאה צו די „פרעמדע". ער גייט דורך „סטאַנציעס" וואו ער זעט די קאָנסעקוועצען פון דער מלחמה, די מלחמה „הינטער די ליניעס", און פון אַלץ וואָס ער זעט ווערט זיין פּאַטערלאַנד - אידעאַל אַ מיל־שטיין אויפ'ן האַלז צו טראָגען.

ער איז אַ סקולפּטאָר און אין מיטען פון אַלע מלחמה־שרעקען באַשעפטיגט ער זיך מיט פייער־ליכען פליים מיט אויסהאַקען אַ סטאַטוע צו פאַר־הערליכען דעם פּאַטערלאַנד־געדאַנק.

אַבער . . . אַבער — עס עקשנ'ט זיך דער שטיין. די סטאַטוע לאָזט זיך ניט עגבערען . . .

„מיין האַנט פּאַקט דעם שניץ־אייזען — קלאָגט פרידריך — נאָר זי מאַכט אים ניט גליען. צי בין איך צו שוואַך אַנצופילען שטיין מיט בלוט ?"

יע, ער איז צו שוואַך. די פּאַטערלאַנד־אידייע ווי זי האָט זיך אים באַוויזען אין דער ווירקליכ־קייט, איז אַן אומעטישע אידייע און דע־ריבער וויל איר דער קונסט־אינסטינקט ניט דינען. דער שעפערישער מענש און דער עטישער מענש זיינען איינס.

און פרידריך דערגרייכט זיין קריזיס: ער צו־שמעטערט די ניט־פאַרענדיגטע סטאַטוע.

און בשעת די סטאַטוע איז זיך צעפאַלען אין שטיקער האָבען די שטיקער פון זיין נשמה זיך צו־זאַמענגעשמאָלצען אינאיינעם.

פרידריך האָט זיך געפונען. ער האָט דער־גרייכט גאַנצקייט, די גאַנצקייט פון א נשמה אין אַן אמת'ן אידעאַל.

און פון איצט אָן פאַרלאָזט ער דעם וועג פון פאַטערלאַנד און גייט אַרויף אויפ'ן וועג פון דער מ ע נ ש ה י י ט. פון קריגער ווערט פריידיגער. פון סאָלדאַט — פראָפעט.

דער אַנדערער ברעג פון דער וואַנדלונג איז דערגרייכט. דער מענש האָט דערוואַכט.

„מיר דוכט, אז היינט האָב איך דאָס ערשטע מאָל זיך אופגעכאַפּט — רופט ער אין באַגייסטע־רונג — ווי איך וואָלט אַבגערוקט אַ שווערען קבר־שטיין און אויפגעשטאַנען פון דאָס ניי. דאָס ערד־געפאַנגענע געפעס צעבראָכט זיך. דער ריכטער ווערט באַשולדיגטער, באַשולדיגטער — ריכטער. אוןביידע גיבען זיך די בלוט־באַפלעקטע הענט און זיינען זיך מוחל, און ביידע טוען אויס פון זיך, ווי דערנער־קרוינען, די ווערדע זייערע — די שאַנד.

דער מאָרגען גייט, דער נעפּעל שפּאַלט זיך. איך וויים דעם וועג צום אַרבייטס־פּלאַץ. איצט וויים איך".

אַזוי גליט פרידריך אין ענטוזיאַזם פון דעם ניי געפונענעם מענשהייטס־אידעאַל.

און באַפליגעלט מיט ליכטיגען גלויבען גייט ער צו די אַנדערע, צו דער מאַסע, צום פאָלק, אַלעמען אויפצעוועקען, אַלעמען אויפצומונטערען צום נייעם אמת, דעם אמת פון מענשהייט געגען פאָטער־לאַנד, פון גאָט געגען אַבגאָט — און גאָט איז מענש.

און ער וועקט זיי אויף. דער וואונדער געשעעט.

דורך וועלכען כח?

דורכ'ן כח פון דעם — וואָרט, דורכ'ן כח פון דעם אמת אין דעם אמת'ן וואָרט, דורך אַ שיינער באַגייסטערטער דרשה. עס געשעעט אַזוי אין דער „וואַנדלונג", עס האָט אונטערנומען אַזוי טאָלער אין דער פּראַקטיק. אין זיין ערשטען רעוואָלוציאָנערען ענטוזיאַזם, דערציילט טאָלער אין זיין אויטאָביאָגראַפישען נאָטיץ, האָט ער מיט זיינע חברים געפּלאַנט צו ברייגען די רעוואָלוציע דורך פאַר־שפּרייטען צווישען פאָלק ביליגע פלוגבלעטער מיט שטיקער פון טאָלסטאָי'ס און לאַנדאוער'ס ווערק,

פון בארבוס'עס „פייער" און פראנק'ס „דער מענש איז גוט". דאָס פאַרבינדונגס־מיטעל פון דער מענש־הייט איז דאָס וואָרט. דעריבער קלאַמערען זיך אַלע מענשהייטס־גלויביגע אין דעם וואָרט. סקעפּטיקער זיינען שוויינער. די קירצעסטע זאַצען געהערען הע־ראקליט'ן און ניטשע'ן.

די לעצטע סצענע אין „וואנדלונג" איז אַ גרוי־סע פאָלקס־סצענע. פרידריך רעדט און וועקט די מאַסען. צו אַלע קלאַסען רעדט ער. ווארום אַלע זיינען דאַ פאַרזאַמעלט: מאַן און פרוי, יונג און אַלט, און אַ ר י ם און ר י י ך. און אַלע ווערען פאַרכאַפּט אין דעם ענטוזיאַזם. בשעת ער רעדט שטעלען זיך מאַנכע אויף די קני; אַנדערע פאַר־גראָבען וויינענדיג דעם קאָפּ צווישען די הענט; נאָך אַנדערע ליגען צוזאַמענגעבראָכען אויף דער ערד. אַבער איצט הויבען זיי זיך אויף מיט פרייד, טייל שפּרייטען אוים די הענט צום הימעל . . . און פון אַלע זייטען הויבען זיך אויף קולות: מיר זיינען דאָך מענשען ! ווי אַזוי האָבען מיר דאָס פאַרגעסען !

אַלע זיינען מ ע נ ש ע ן געוואָרען. אַלע, אָן אונטערשייד, רייכע אַזוי גוט ווי אָרימע. איז דען ניט מענש — גאָט ? ווי דורך אַ נס איז דאָס געשען. דאָס גרויסע וואָרט האָט נאָר געדאַרפט גע־

זאָגט ווערען, דער באַפרייענדער רוף האָט נאָר גע־דאַרפט זיך הערען לאָזען. די מיסט האָט נאָר גע־דאַרפט אַרונטערגעשאַרט ווערען פון דעם מענשענס האַרצען.

און ווען פרידריך דערגרייכט זיין העכסטען טריאומף, שרייט ער אויס:

„אַצינד, ברידער, שריי איך אויס צו אייך: מאַר־שירט! מאַרשירט ביי דער ליכטיגער שיין! גייט אַוועק צו די מאַכטהאָבער און זאָגט זיי אַן מיט שטימען פון ברויזענדיגע אָרגלען, אַז זייער מאַכט איז אַ פאַרבלענ־דעניש. גייט אַוועק צו די סאָלדאַטען זיי זאָלען אַי־בערשמידען זייערע שווערדען אויף אַקעראייזענס. גייט אַוועק צו די רייכע און ווייזט זיי זייער האַרץ, וואָס איז געוואָרען אַ קופּע אַש. נאָר זייט גוט צו זיי, וואָרום זיי זיינען אויך אָרימע פאַרבלאָנדזשעטע. אָבער מאַכט חרוב די שלעסער לאַבענדיגערהייט, מאַכט חרוב די פאַלשע שלעסער, געבויט פון שוט, פון פאַרטריקענ־טע שוט. מאַרשירט, מאַרשירט ביי דער ליכטיגער שיין! ברידער, שטרעקט די צעווייטאָגטע האַנט, פלאַ־מענדיג־פרייליכער טאָן! שפּרייז דורך אונזער פרייען לאַנד, רעוואָלוציאָן, רעוואָלוציאָן!“

באַפרייטע אין דער נשמה, רופט ער זיי צום לעצטען באַפרייאונגס־אַקט, צו — רעוואָלוציאָן. אָבער

מיט א היילינגען תנאי: די רעוואָלוציאָן דאַרף גע־מאַכט ווערען לאַכעדיגערהייט. אָן טרערען, אָן בלוט. שוין גענוג געוועזען דער־פון. אַפילו צו די רייכע גוט זיין. די רייכע זיינען נים שלעכט, זיי זיינען נאָר פאַרבלאָנדזשעטע. די רעוואָלוציאָן, די אַרבייט פון׳ם עטישען מענשען, מוז אַליין עטיש בלייבען.

און דאָס פאָלק כאַפּט אויף דעם רוף און לאָזט זיך אַוועק מאַכען רעוואָלוציע.

די טריאומפירענדע גאָטהייט מאַרשירט!

.3

א רעוואָלוציע וואָס לאַכט — דאָס איז די גרוי־סע אילוזיע וואָס ערנסט טאָלער האָט זיך אויסגע־דיכטעט אין זיין „וואַנדלונג". מענש איז גאָט און דעריבער איז מעגליך אַ רעוואָלוציע וואָס איז גאָר קיין רעוואָלוציע נים, נאָר אַ שפּיל. שפּילענדיג, „אין פלאַמענדיג־פריילעכען טאָן", נעמען די מענשען פאַנאַנדער, ציגעל נאָך ציגעל און שיים נאָך שיים. די אַלטע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס און שפּילענדיג בויען זיי אויף נייע אויף זייער פּלאַץ.
און נון איז געשען און עס איז געקומען רע־

וואָלוציע, אין רוסלאַנד, דייטשלאַנד, אונגאַרן — לאַכענדיגע רעוואָלוציע.

אָבער דער געלעכטער איז געווען — טייפעל־שער, רויטער געלעכטער . . .

דאָס צויבערלאַנד וואָס טאָלער האָט זיך אויפ־גע'כשופ'ט איז מיט בלוט פאַרפלייצט געוואָרן; דאָס וויס־ריינע קינד וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט איז צוריקגעקומען אין קייט און בלאָטע אויסגע־וואַלגערט; דער גאָט וואָס ער האָט זיך באַשאַפען איז פּלוצלונג אויפגעשטאַנען פאַר אים — אַ טייַ־פעל מיט הערנער.

אין דער שטילקייט פון זיין צעל איז טאָלער גע־זעסען און האָט פאַרומען. דורך די דיקע ווענט פון זיין תפיסה האָט דער פּורכטבאַרער געלעכטער גע־דרונגען אים אין הארצען אריין. ער האָט געהערט פון די גרויזאַמקייטען וואָס זיינען קיינמאָל ניט גע־זען געוואָרען אויף לאַנד און ים און זיין קאָפּ איז געזונקען אונטער דער לאַסט פון צעשלאָגענע האָפ־נונגען. דער מענש וואָס ער האָט מיט אַזאַ פיין געשאַפען און ביז צו אַ גאָט דערהויבען איז אים צוריק פאַרלאָרען געגאַנגען.

עס אַנטשטייט אַ שווערער קריזיס אין טאָלער'ס נשמה, אַ זעלען־קאַטאַסטראָפע. אָבער אַ גלויבען

אזוי שמערצליך אויסגעוויינטגט קען ניט אזוי לייכט אויפגעגעבען ווערען. טאָלער זוכט אַ נייע אָריענטאַציע, ער וויל די שווינדענדע וויזיע פאַר־האַלטען, ער וויל דעם פאַרלאָרענעם מענשען צו־ריקגעווינען. און ער שרייבט, אין 1919, צוויי יאָר נאָך „וואַנדלונג", זיין צווייטע דראַמע, „מאַסע־מענש".

אויב אין „וואַנדלונג" איז די טעאַטראַלישע פאַבולע אונטערוואָרפען צו אַן אידייע, איז עס נאָך מער אזוי אין „מאַסע־מענש". עס איז נאָר אַ געראנ־געל צווישען די צוויי באַגריפען פון רעוואָלוציע אַלס שפּיל און רעוואָלוציע אַלס גוואַלט. אָבער דער געראנגעל איז מיט אזא דראַמאַטישער ליידענ־שאַפט פאָרגעשטעלט, אַז די אידייען בלייבען די גאַנצע צייט אויף אַ גראַנדיעזער פּאַטעטישער הויך. עס פעלט אויך ניט אין בילדערהאַפטער האַנדלונג, סצענעס פון אַ פאַנטאַסטישער, אונהיימליכער שיינקייט, וואָס ווירקען אויפצוהאַלטען אויף יעדען שריט אַ פיינעם קינסטלערישען גלייכגעוויכט. אין פּרט פון קאָנצענטרירטקייט שטייט „מאַסע־מענש" נאָך העכער ווי „וואַנדלונג". די בילדער זיינען שאַרף־געהאַקט, קורץ און בולט ביז שפּיציגקייט: זיי שניידען ווי שפּיזען אין די אויגען. דער דיאַלאָג

באַוועגט זיך אין צוקען פון ליידענשאַפט. און די שפּראַך איז אַזוי אָנגעזאַפּט מיט בלוט, מיט אַזאַ גלוט אָנגעפּייערט, אַז עס איז נאַטירליך, וואָס דער דיכטער האָט פאַרוואָרפן די פּראָזע פאָרמע און האָט אָנגענומען די פּאָעטישע פאָרמע פון דער קורצער שורה. אפילו דער צינישער געשפּרעך פון די באַנקירען, דאָס גאַנצע צווייטע בילד — איז אַ מין פּירכטערליך ליד. אַ ליד פון העסליכקייט, דאָס ליד פון ציניזם. יעדע שורה אין דעם ווערק איז ווי אַ שפּריץ פייער, און די שענקייט פון דעם גאַנצען ווערק איז די שענקייט פון אַ זייל פונקען אין טונ־קעלער נאַכט.

און אַזוי ווי „וואַנדלונג" אַזוי טראָגט אויך „מאַסע־מענש" אַ טיף פערזענליכען כאַראַקטער. אין דעם גאַנצען ווערק, אַזוי ווי אין דער מושעל דער גערויש, טראָגט זיך אַן אייגענער טאָן. הינטער די ווערטער הערט איר טאָלער'ס האַרץ קלאַפּען. דורך די שורות פילט איר, ווי דורך אָדע־רען, זיין בלוט רוישיג פליסען. די האַמערשלעג פון דעם דיכטער'ס ווערקשטאַט זיינען געבליבען הילכען אין דעם ווערק. מען הערט די מאַטעריע קרעכצען אונטער זיינע הענט. מען זעט די טראָפּען

אויף זיין שטערן אין פיין פון דער ארבייט. דאָס איז די דיכטונג ניט פון דעם קינסטלער־דאַרשטעלער, נאָר פון דעם קינסטלער־ליידער.

ווען מען זאָל וועלען אבסטראהירען די גרונט־אידייע, דאָס גרונט־פּראָבלעם פון „מאַסע־מענש“, וואָלט עס געהייסען אַזוי: צ י מ ע ג ר ע וו אָ ־ ל וצ י ע ש ל ו ם מ אַ כ ע ן מ י ט א ו מ ־ ר ע כ ט? א ו ן וו אוה י ן ק ו מ ט אַ ה י ן ג ו ט ע ר מענש אין שלעכטער רעוואָלוציע?

אין דער „וואַנדלונג“ איז נאָך ניט נויטיג געווען צו שטעלען אַזוי דאָס פּראָבלעם. דער מענש איז נאָך דאָרטען גאָט, און צי וועט גאָט טאָן אומרעכט? איצט אָבער איז דאָס פאַר טאָלער׳ן די פראַגע פון פראַגען.

און אַזוי ווי אין „וואַנדלונג“ איז טאָלער אַליין געווען אַ „צד“ און האָט זיך פאַרקערפּערט אין פרידריכ׳ן, אַזוי פאַרשטעלט ער זיך דאָ אין „דער פרוי“. ער לאָזט „די פרוי“ אויפטרעטען לכתחילה אַלס טרעגערין פון דער עטישער אידייע פון רעוואָלוציע, — די נאָכפאָלגערין פרידריכ׳ס — דאַן לאָזט ער זי זיך איבער׳שמד׳ן צום פאַרקערטען שטאַנד־

פונקט כדי זי נאכער, דורך מאראלישע ליידען, נאך הייסער און פייערדיגער מאכען אין אירע ערשטע איבערצייגונגען.

נאר צוערשט מוז „די פרוי" אן א מ ת ׳ ע העלדין זיין. אין איינעם פון זיינע בריף צו גוסטאוו לאנדאוער האט טאלער אמאל געשריבען אז קיינער האט ניט קיין רעכט צו פארלאנגען אז אנדערע זאלען שטעלען זייער לעבען אין קאן ווען ער וויים ניט, אז ער אליין איז גרייט זיין לעבען איינצושטעלען. און טאלער מאכט „די פרוי" פאר דער אידעאלער העלדין דערמיט וואס שוין אין אנהויב לאזט ער זי גיין אויף קרבנות. זי אליין, כאטש א קינד פון קליינבירגערטום — ווי טאלער אליין — האט אויסגעקליבען צו גיין דעם וועג פון דער ארבייטער רעוואלוציע, אבער איר מאן שטייט פאר׳ן אלטען שטאט. זי ליבט אים, געהער אין לייב צו אים — אין לייב, אבער ניט אין אידייע, און זי רייסט זיך אפ פון אים. שווער איז פאר איר דער ריס, אבער זי מאכט אים, און זיי בלייבען שטיין, זי אויף איין זייט גרענעץ, ער אויף דער צווייטער. אבער פאר׳ן לעצטען אפשייד גייט זי פאטעטיש אריבער צו זיין זייט — אין לייב. צום לעצטען מאל. א לעצטער פאראקסיזם פון ליבע, נאכער — דער קאמף.

זי האָט זיך געאַפּפּערט, זי האָט זיך געקויפט דעם זכות אויף אַ דעה.

דער פייערדיגער טאָן פון דער דראַמע ווערט אָנגעשלאָגען גלייך אין אָנהויב אין די ערשטע ווער־טער פון „דער פרוי" וועלכע זאָגט אָן דאָס אָנקו־מען פון דעם שטורם:

יאָ, כ'בין גרייט,
מיט יעדער צי פון אָטעם וואַקסט מיין קראַפט
איך האָב געבענקט נאָך אָט דער שעה
ווען הארצענס־בלוט ווערט וואָרט, און וואָרט — צו טאַט
— — — — — — — — — — — — — —
ווען די פּאַרהאַסטע בלעטער פּילדערן : „נצחון !"
דאַן פּאַקען מיך מיליאָנען פויסטען
און שרייען: דו ביסט שולדיג וואָס מיר שטאַרבען !
אפילו איטליך פערד וועמעס זייטען ציטערנדיג שוימען
קלאָגט שטום מיך אָן, קלאָגט אָן
און ווען מאָרגען וועל איך דעם משיח־שופר בלאָזען
און מיין געוויסען רייסט זיך אין דעם זאַל —
בין א י ך עס די, וואָס ווערט דאַן רופען סטרייק ?
מענש רופט סטרייק, נאַטור רופט סטרייק !
מיר שיינט דער הונט בילט'ס אויס
וואָס שפּרינגט אויף מיר ביים שוועל,
דער טייך פּליסטערט — סטרייק !

דאָס ווערק גייט אַריין אין פולען שוואונג אין דער ערשטער מאַסען־סצענע, וואו די מאַסע שטייט

פאַר'ן גרויסען אַנטשיידענדען מאָמענט און דאַרף באַשטימען וואָס צו טאָן, ווי אַזוי די רעוואָלוציע זאָל געמאַכט ווערען. ווערלטען היינגען אויף דער דאָזיגער אַנטשיידונג; מענשהייטס־שיקזאַל דאַרף דאָ באַשטימט ווערען. פאַרשיידענע מיינונגען ווע־רען ארויסגעזאָגט, אָבער די מאַסע וויגט זיך צווי־שען די מיינונגען אַהין און אַהער, נעמט זיי אָן, פאַרוואַרפט זיי און בלייבט שטענדיג נאָר ביי דער לעצטער. אָט האָט איינער געררופען צושטערונג: „נידער מיט די פאַבריקען, נידער מיט די מאַשי־נעס!“ און די מאַסע שרייט: „נידער מיט די פאַב־ריקען, נידער מיט די מאַשינעס!“; אָט רופט „די פרוי“ צו פרידליכען קאַמף, צום סטרייק, און די מאַ־סע שרייט מיט: „מיר רופען אויס סטרייק!“ נאָר אָט שרייט אַ דריטער, „דער נאָמענלאָזער“: „צעברע־כען די פונדאַמענטען!“, „ק ר י ג איז אַ מוז־זאַך פאַר אונז“, און די מאַסע שרייט: „צעברעכען!“ „קריג!“.

איר גלי־פונקט דערגרייכט די סצענע טאַקע אין דעם צוזאַמענשטויס פון „דער פרוי“ און דעם „נאָמענלאָזען“. זיי טרעטען ארויס אַלס די צוויי פירענדע העלדען אין דער דראַמע. אין זיי זיינען פאַרקערפערט די צוויי אַנטאַגאָניסטישע פרינציפּען פון רעוואָלוציע: דער פרינציפּ פון פרידליכער און

פון קריגערישער רעוואָלוציע. „די פרוי" פּראָקלאַ-
מירט: „איין אויסוועג איז געבליבען פאַר אונז
שוואַכע, פאַר אונז, וואָס האַסען די האַרמאַטען:
סטרייק! מאַסע איז אוממעכטיג, מאַסע איז שוואַך,
סטרייק זאָל זיין אונזער טאַט, און מיר שוואַכע זיי-
נען פעלזען. איך וויל ניט קיין נייע הריגות". אָבער
אַנטקעגען דעם דונערט דער „נאָמענלאָזער": „איך
רוף מער ווי סטרייק, איך רוף מלחמה! אַ בוים צו
האַקען דאַרף מען האָבען אַ האַק! מאַסע איז סטי-
כיע, מאַסע איז פייער, מאַסע איז קראַפט, מאַסע
איז טאַט!"

די מאַסע, נאָך מיט אַ ווײלע צוריק אונטערען
צויבער פון דער פרוי, ווערט פאַרכאַפּט פון דעם
דאָזיגען מעכטיגען רוף, לאָזט זיך אַרויס מיט אימ-
פּעט צו טאַט — מיט האַק. אָבער דאָ געשעט אַ
וואונדער: „די פרוי" ווערט מיטגעריסען, גייט
אויך מיט. זי ראַנגעלט זיך, זי וויל ניט. אָבער איז
צו שוואַך בייצושטיין די הינרייסענדע קראַפט פון
מאַסע, איינע פון די ווילדסטע קרעפטען אין דער
נאַטור. „געפיל שטויסט מיך אין דונקעל—רופט זי
אויס — דאָך מיין געוויסען שרייט ניין! אָבער
דו ביסט מאַסע . . . דו ביסט רעכט . . ."

די דאָזיגע סצענע איז ניט נאָר אַ העכסט דראַ-

מאַטישער געראַנגעל צווישען צוויי לעבענס־פילאָ־
זאָפיען, צוויי וועלט־אַנשויאונגען, נאָר איז אויך אַ
שטודיע און מאַסען־פּסיכיקע. די מאַסע אַליין איז
אַן ווילען, אַן אויסקריסטאַליזירטער מיינונג. ווי
וואַקס איז זי אין די הענט פון יעדען פירער, און
ווערט צושמאָלצען פון אָטעם פון יעדען רעדנער.
דאָך האָט זי אַ מאָדנע קראַפט: אַליין אָן ווילען,
פאַרשלינגט זי פונדעסטוועגען דעם ווילען פון אַנ־
דערע, פון אירע איינצעלנע טיילען; אַליין אָן קלאָ־
רער פאָרשטעלונג, פאַרנעפּעלט זי דאָך דאָס קלאָרע
אויג פון יעדען איינצעלנעם אין אירע רייען. דאָס
איז המון־פּסיכאָלאָגיע, געזעץ פון נאַטור. אַ מאַסע
איז אַ סטיכיע אין וועלכער עס ווערט אויפגעלייזט
די פּערזענליכקייט פון דעם יחיד, אין וועלכער דער
יחיד, אַלס באַזונדערע איינהייט פאַרשווינדט. און
ד אָ פ אַ ר ש ו ו י נ ט עס דער ג ו ט ע ר
מ ע נ ש אין דער רעוואָלוציע ווען זי ווערט
בייז און צעשטערעריש. דאָ איז „די פרוי“ פאַר־
שוואונדען געוואָרען . . .

און עס טרעט אויף פאַר אונז די מאַסע אין
אַקציע, אָבער ניט ווי טאָלער האָט עס געזען אין
„וואַנדלונג“, וואו די מאַסע פאַלט מיט'ן פּנים צו
דער ערד און שפּרייט די הענט צום הימעל אין

הומאַנער פּרומקייט און רעדט: מיר זיינען דאָך מענשען, ווי האָבען מיר עס פאַרגעסען? דאָ שטייט מאַסע — מיט האַק אין האַנט.

און עס פּאַסירט אַז די מאַסע, אין איר ערשטען אָנשטויס, האַלט אָפּ אַ זיג איבערען שטאַט. די האַק־רעוואָלוציע טריאומפירט. אָבער ווי אַזוי דריקט זיך אויס דערדאָזיגער טריאומף? טאָלער מאָלט דאָ אויף אַ סצענע וואָס דערמאָנט אין גרויל די מלחמה־סצענעס פון „וואַנדלונג". עס ווערט פאַרגעשטעלט ווי דער „נאָמענלאָזער" קומט אַריין צו האָבען אויפזיכט אויף דער הינריכטונג פון די געפאַנגען גענומענע געגנער. אָבער די געפאַנגענע האָבען אַ לעצטע בקשה: מען זאָל זיי דערלויבען טאַנצען. אַ לעצטע בקשה פון פאַר'משפט'ע ווערט דערפילט, און עס גייען אַרום די פאַראורטיילטע און טאַנצען מיט די תליה שטריק אַרום די העלזער, צווישען די טרונעס, וואָס שטייען און וואַרטען אויף זייערע קערפּער....

דער טויטען־טאַנץ פון דער צייט . . .

די דאָזיגע סצענע, אַ כאַראַקטעריסטיש טאָלער־רישע, נוצט דער דיכטער נאָך ווייטער אויס אויף אַ זייער אָריגינעלען אופן. צווישען די וואָס דאַרפען הינגעריכטעט ווערען איז פאַראַן „דער מאַן":

צווישען די הינריכטער קומט אריין „די פרוי", די ווייב פון דעם מאַן, וואָס זי ליבט אַ רירענדער סימבנל —ביידע צדדים וואָס הייגען איינע די אַנדערע זיינען אין אמת'ן דאָך פאַרוואַנדט אין לייב און ליבע . . . און, ווייטער, אַ צווייטער סימ־באָל: בשעת דער וועכטער גיט אַ באַפעל — „דעם געפאַנגענעם צו דער וואַנט!", ווערט, דורך אַ וואונ־דער, דאָס פנים פון דעם געפאַנגענעם מגולגל אין דעם פנים פון דעם וועכטער, און דער וועכטער שטייט שוין גאָר ביי דער וואַנט: די מענשהייט איז איינס, טויט מען יענעם איז עס נאָר געטויט זיך אליין . . .

ביי דעם דאָזיגען בילד טויכט־אויף צוריק דער עטישער מענש אין „דער פרוי". עס גיט אַ וויי ווי קאַלטער ווינט אויף איר מאַסען־ענטוזיאַזם און זי ווערט צוריקגעבראַכט, ווי פון אַ טשאַד, צו איר אייגענעם, צו איר אמת'ן איך — צו דער פרוי אַלס טרעגעריין און היטעריין פון לעבען. זי הויבט אָן פאַנאַנדעררייסען דעם כשוף פון דער מאַסע צו וועל־כען זי איז אונטערגעפאַלען, זי הויבט זיך צוריק אויף הויך איבער דעם המון און ווערט ווידער אַ פראָטעסטאַנטין. זי טרעט אויף צו פאָדערען פאַר־געבונג פאַר די וואָס זיינען אויסגעשטעלט ביי דער

וואַנט, און ווען דער „נאָמענלאָזער" גיט אַ פרעג:
„צי פאַרגיבען זיי אונז?" ענטפערט זי: „צי קעמ־
פען זיי פאַר פאָלק, צי קעמפען זיי פאַר מענשהייט?"
אין די דאָזיגע ווערטער ווערט די רעוואָלוציע צו־
ריק אויפגעהויבען אויף איר געהעריגער מאָראַלי־
שער הויך. רעוואָלוציע פאַר מענשהייט מוז בלייַ־
בען מענשליך, און לעבען איז הייליג, יחיד איז
הייליג. די מאַסע גילט — שרייט „נאָמענלאָזער";
„דער מענש גילט"—שרייט „די פרוי"; „די מאַסע
גילט" — הערט ניט אויף דער „נאָמענלאָזער", און
„די פרוי" ענטפערט, אויב אַזוי, דאַן „גיב איך זיך
אָב — אַלעמען" . . . און אַלע צולאַכען זיך: די
טעאָריע אַז מאַסע גילט איבער יחיד האָט זי גע־
בראַכט צו אַן אַבסורד . . .

דער מאַרש פון די פּאַסירונגען טרייבט „די
פרוי" נאָך ווייטער אויפ'ן וועג פון איר אויסניכ־
טערונג. דער זיג פון דער רעוואָלוציע איבער דעם
שטאַט איז געווען אַ קורצער. דער שטאַט הויבט
אָן צוריק קריגען די אויבערהאַנט און אַפּנעמען פון
די רעוואָלוציאָנערען פּאָזיציע נאָך פּאָזיציע. אָבער
דער איבערגאַנגס־פעריאָד איז דער שווידערליכסטער
פון אַלע: די רעוואָלוציע שיקט אירע קינדער באַ־
טאַליאָנענווייז צו טויט און מאָרד, דער שטאַט

שיקט אַנדערע באַטאַליאָנען צו טויט און מאָרד...
„איןביידע קריגען מענשען, אין ביידע קריגען מענ־
שען" — קלאָגט „די פרוי", און זי פאַנגט אָן אַלץ
העפטיגער און העפטיגער פּראָטעסטירען, ביז זי
דערהויבט זיך צו אמת הערצאָישער הויך.

אַן אַרבייטער ברייננגט דעם קאָמאַנדירענדען
„נאַמעלאָזען" דעם באַריכט, אַז אַ העלפט האָט ער
געהייסען דערשיסען, און די אַנדערע העלפט וועט
גיין דעמזעלבען וועג אויב דער שטאָט וועט ווייַ־
טער אַטאַקירן. „איר האָט גענומען נקמה פאַר
אייערע ברידער — סאַנקציאָנירט דער „נאָמענ־
לאָזער" די טאַט — מאַסע איז נקמה פאַר אומ־
רעכט פון יאָרהונדערטען. מאַסע איז נקמה".

די דאָזיגע ווערטער צינדען אָן „די פרוי" מיט
אַ פאַרצוקענדען פלאַם, און זי שרייט אויס:

האַלט איין, קאַמפּס־פאַר'שכור'טע!
איך פאַל אייך אין דעם אָרם.
מאַסע זאָל פאָלק און ליבע זיין,
מאַסע זאָל געמיינשאַפט זיין.
געמיינשאַפט איז ניט ראַכע.
געמיינשאַפט צושטערט יסוד פון אומרעכט,
געמיינשאַפט פלאַנצט די וועלדער פון
גערעכטיגקייט.

צום ערשטען מאָל מאַכט דאָ טאָלער אַן אונ־

טערשייד צווישען „מאסע“ און „פאלק“, אן אונטערשייד וואס איז זייער וויכטיג אין דער פילאזאפיע פון דער דראמע. אויך אין אן אנדער ארט רעדט „די פרווי“ פון „ווערק־פארקניפטער מענשהייט, פון ווערק פארקניפטען פרייען פאלק“. מאסע איז רויהע סטיכיע, מאסע איז נאר ווילדע נאטור־קראפט, מאסע אויפגעברויזט איז צושטערעריש. אבער רעוואלוציע פאר מענשהייט איז בויענדע ארבייט. ווי זאל א שטורמווינט אויפשטעלען א בנין? דער היפך פון מאסע איז „פאלק“. מאסע איז אויפגעלייזטע מענשהייט, פאלק איז „פארקניפטע מענשהייט“, פארקניפט — פארבונדען, דאס הייסט ציל־באוואוסט, מיט קלארען ווילען, עטיש. אין מאסע גייט „מענש“ פארלארען, אין מאסע ווערט „פאלק“ פארשוואונדען. דאס גוטע, דאס עטישע, דאס הומאנע איז אין מאסע, אלס מאסע, ניטא. דעריבער דארף דער ציל זיין:

מענש איז מאסע באפרייען
פאלק אין מאסע באפרייען.

„די פרווי“ דונערט געגען דעם „מאסען“־פרינציפ אין רעוואלוציע און וויל עס פארבייטען מיט׳ן „פאלק“־פרינציפ . ווארום פאר „דער פרווי“ איז רעוואלוציע א מאראלישער אקט און דארף דעריבער

זיין די אַרבייט פון אַ מאָראַלישען סוביעקט. מאַסע איז עס ניט, דעריבער איז רעוואָלוציע איבער־הויפּט ניט די אַרבייט פון מאַסען. מאַסע איז אַ זאַך אָהן ווילען — און וואו עס איז ניטאָ קיין אייגענער ווילען דאָרט קען ניט זיין קיין רייד פון מאָראַלישער אחריות. מאַסע איז אַ־מאָראַליש. ניט מאַסע נאָר פאָלק איז ראוי צו מאַכען רעוואָלוציע.

און פאָלק איז — אויסגעלייטערטע מאַסע, פאַר־אייניגטע, פאַרברידערטע, ציל־באַוואוסטע מענש־הייט.

דאָס איז דער מיין פון דער פרוי׳ס רייד, אָבער אַזעלכע רייד זיינען פּאַרראַט און דער „נאָמענלאָ־זער" גיט דעם באַפעל צו אַרעסטירען „די פרוי". אָבער אין דעמדאָזיגען מאָמענט שטירצט די רעוואָלוציע איינגאַנצען, און די פרוי פאַלט אַריין אין די הענט פון שטאַט. זי ווערט פאַר׳משפט צום טויט, אַנשטאָט אַרבייטער־פאַרראַט — פאַר מלוכה־פאַרראַט.

אַ פאַררעטעריין דאָ, אַ פאַררעטעריין דאָרט.

אין איר גאַנצען פאַרנעם באַלאַנסירט די דראַמע צווישען דריי קרעפטען: „מאַן" — די פאַר־קערפערונג פון שטאַט פון איין זייט; „נאָמענלאָ־

זער" — די פאַרקערפּערונג פון רעוואָלוציע פון דער אַנדערער זייט; „די פרוי" — דער סימבאָל פון מענשהייט אינמיטען. ביי דעם פונקט וואו די רעוואָלוציע ברעכט טאָטאַל צוזאַמען ברעכט זיך די דראַמע איבער אין צוויי פיין־סימעטרישע העלפטען. ביז אַהער איז די האַנדלונג באַשטאַנען פון אַן אײַדייען־געראַנגל צווישען „דער פרוי" מיט „דעם מאַן" און „דעם נאָמענלאָזען", אָבגעוועקסעלט דורך דער סצענע פון דעם תליה־טאַנץ; פון איצט אָן קומט ווייטער אַ ווערטער־קאַמף מיט דיביידע אַנטאַגאַניסטען אירע, מיט דער אָבוועקסלונג פון אַ כאַראַקטעריסטישען טאָלערישען בינען־בילד. אַ בילד פון שרעקענס־שיינקייט: „די פרוי" זיצט אין אַ שטייג געפאַנגען און פאַר אירע אויגען גייט פאַרביי אַ פּראָצעסיע פון ש אַ ט ע נ ס אָ ן ק ע פּ, וועלכע קלאָגען זי אָן אין שולד פאַר זייער טויט. נאָך דער דאָזיגער פּראָצעסיע קומט אָן אַנדערע, פון געפאַנגענע מיט געהיימניספול פאַרדעקטע געזיכטער: דאָס זיינען די וואָס דאַרפען ערשט הינגעריכט ווערען און זיי פאָדערען אויך ביי „דער פרוי" דין וחשבון פאַר זייער לעבען: דער שטאַנדפּונקט, אָזוי צו זאָגען, פון די קרבנות אַליין ווערט אַזוי

אַרום אַרויפגעבראַכט אויף דער בינע, ניט אין איג־דירעקטע רייד, נאָר אין קאָנקרעטען אויפשווידערנ־דען בילד. דער פּראָטעסט פון דעם פריי־אויסגע־לאָשענעם לעבען אין זיין אייגענעם נאָמען ווערט דאָ געהערט.

„לעבען, לעבען!" — שרייען די שאָטענס. עס איז, ווי די אַנדערע בילדער אין דער דראַמע, אַ פאַנ־טאַסטיש, אַן אומערדיש בילד, אַ בילד, ווי עס גיט אַן דער דיכטער, אַרויסגעשטרעקט פון „דער פרוי'ס" געדאַנק. אָבער עס איז אין אמת'ן אַ בילד פון שרעקליכסטער רעאַליטעט. אין די אומגייענ־דיגע שאָטענס אויף די ווענט פון זיין צעל האָט טאָ־לער, מיט זיין לעבהאַפטער פאַנטאַזיע, געווים ניט איינמאָל געזען די שאָטענס פון יענע, וועמעס לע־בען זיין אייגענע האַנט האָט אויסגעלאָשען. דאָס־זעלבע איז מיט דער גאַנצער אונהיימליכער גראָ־טעסקעריי וואָס שפּאַנט, ווי אַ געשפּענסט, דורך טאָלער'ס אַלע ווערק. זי געהער ניט צו זיין עסט־וואָס פוטוריסטישען זשאַנר; זי געהער צו זיין ווירק־ליכקייט. ער האָט ניט אויסגעטראַכט דעם טאַנץ פון סקעלעטען: ער האָט געזען סקעלעטען טאַנצען אויף די דראָט־צאַמען אויף די שלאַכטפעלדער. ער האָט ניט אויסגעדיכטעט די מוזיק, אויסגעקלאַפּט

מיט מענשליכע ביינער: ער האָט געווים געהערט ווי דער ווינט האָט זי געמאַכט. ער האָט ניט גע־לייענט נאָר געזען וואָס עס מיינט לעבן פאַר די, ביי וועמען מען נעמט דאָס לעבן צו. דעריבער איז לעבן פאַר אים געוואָרען אַן אומבאַרירבאַרע היי־ליגקייט. דעריבער איז „לעבן, לעבן!" געוואָרען זיין געשריי.

עס קומט אריין „דער מאַן" צו „דער פרוי" אין צעל. ער שטרעקט איר אוים די האַנט פון דעם שטאַט. נאָך איז דער טויט־אורטייל ניט באַשטע־טיגט, זאָגט ער איר, זי קען נאָך געווינען איר פריי־הייט, איר לעבן, ווען . . . ווען זי זאָל נאָר איר טעות דערקענען, און איינזען, אַז ווער ס'רודערט די מאַסע רודערט דעם גיהנם. אָבער „די פרוי" לענקט אָפּ די אויסגעשטרעקטע האַנט. אָנשטאָט איינצוזען דעם אמת, שליידערט זי אים אין געזיכט די פראַגע: „ווער האָט דעם גיהנם באַשאַפען? ווער האָט אויסגעקלערט די ענויים פון אייערע גאָל־דענע מילען, וואָס מאָלען טאָג און טאָג נאָר פראָ־פיט? ווער האָט אויסגעבויט תפיסות, ווער האָט גע־רעדט „היילינער קריג?".

די אַחריות ווערט פון מאַסע אַרונטערגענומען און אויף אים,

אויפ'ן פארטרעטער פון שטאט, געוואָרפען, די אחריות פאַר מאַסען-בייזקייט, מאַסען-שלעכטס־קייט. דאָס איז אַ נייער געדאַנק וואָס ווערט פון „דער פרוי" אַריינגעטראָגען אין דער דראַמע און דעם דאָזיגען געדאַנק פירט זי אַרויס נאָך בולט'ער און קרעפטיגער אין איר וכוח מיט דעם „נאָמענ־לאָזען" וועלכער קומט אַריין נאָכדעם ווי „דער מאַן" גייט מיט ליידיגען אַוועק. ווען „דער נאָמענ־לאָזער" זאָגט: „מאַסע איז הייליג", פייערט זי אַרויס:

מאַסע איז ניט הייליג.
גוואַלט האָט באַשאַפען מאַסע.
באַזיץ־אומרעכט האָט באַשאַפען מאַסע.
מאַסע איז טריב אוים נויט.
איז גלויביגע עניוות . . .
איז גרויזאַמע נקמה . . .
איז בלינדער שקלאַף.
איז פרומער ווילען.
מאַסע איז פאַרשאַטען פאָלק . . .

אין איר גוטסקייט, פאַר'ן טריבונאַל פון איר גע־וויסען, זוכט „די פרוי" צו לערנען אַ זכות אַפילו אויף מאַסע, געפינען אַן אַנטשולדיגונג און אַ דערקלערונג פאַר זייער בלינדקייט, און די גרויזאַמקייטען אויף וועלכע זיי זיינען פייאיג

אין זייער בלינדען צאָרן. עס איז ניט, ווייל די מאַ־
סע און דער איינצעלנער מענש אין איר זיינען
בטבע שלעכט, נייִן —

גוואַלט האָט באַשאַפען מאַסע.

די שלעכטסקייט פון די בלינדע מאַסען איז,
הייסט עס, ניט אַן אינערליכע, פון האַרצען קוועַ־
לענדע, נאָר אַן אויסערליכע, דורך די אומשטענדען
באַשאַפענע. בלוטדורשטיגקייט, קנאה, שנאה גע־
הערען ניט דעם מענשען, זיי געהערען — דער
אָ ר ד נ ו נ ג. זיי געהערען צו די איבלען פון
דער היינטיגער געזעלשאַפט. זיי זיינען אויך אַ
סאָרט ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע א י נ ס ט י־
טוציע, און די רעוואָלוציע, וואָס גייט צושטע־
רען אַלע אַנדערע אָפּגעלעבטע געזעלשאַפטליכע
אינסטיטוציעס, דאַרף אויך די דאָזיגע צושטערען.
דאָס איז וואָס עס מיינט „די פּרוי", ווען זי רופט
אין אַ פריערדיגער סצענע:

צוברעכט די פונדאַמענטען פון אומרעכט
צוברעכט די קייטען פון דער געהיימער קנעכטשאַפט,
אָבער צושטערט די וואָפען פון אַ פאַרפוילטער
צייט,

צושטערט שנאה! צושטערט נקמה!

שנאָה, קנאה — דאָס געהער ניט דעם מענשען.
דאָס איז דער פּראָדוקט פון אַ פאַרפוילטער צייט,

אירע קאמפס־מיטעל און וועט צוזאמען מיט דער צייט הינקומען.

דאס איז א נאאיוו־אריגינעלער, טאלער׳שער קוק אין סאציאלער פסיכאלאגיע. האבענדיג באפרייט די מאסע פון מאראלישער אחריות פאר אירע מעשים נעמט טאלער אויף ארונטער פון איר די אחריות פאר איר זיין וואס זי איז.

דאך ווערט די מאסע ארויסגעשאפט פונ׳ם ענין רעוואלוציע. דער מ ע נ ש נאר איז פאראן פאר „דער פרוי“. געגען דעם קולט פון „מאסע“ — דער קולט פון „מענש“.

„ניטא נאך מענש — שרייט אוים דער „נאמענלאזער“ — מאסענמענשען היע, שטאטסמענשען דא“.

„מענש איז נאקעט“ — ענטפערט „די פרוי“ מיט דער שלאגענדער קורצקייט, וואס איז אזא וואונדערליכע אייגענשאפט פון דעם גאנצען ווערק. מענש איז נאקעט: ער קומט פריער ווי מאסע, ער קומט פריער ווי שטאט.

ניט מאסע גילט פאר „דער פרוי“ — מענש גילט. און ניט דער מענש פון שפעטער, פון אמאל, פון דער צוקונפט, נאר דער מענש פון ה י י נ ט און א י צ ט.

„די לערע העכער פון אלץ, כ'ליב די קומענדי־
גע!" רופט דער „נאמענלאזער". „דער מענש הע־
כער פון אלץ!"—רופט „די פרוי"—צוליב א לערע
ביסטו מקריב די היינטיגע". דער דאזיגער געדאנק
איז איינער פון די פרוכטבארסטע אין דער דראמע.
רעדט מען פון דעם אמאל, פון דער צוקונפט — איז
עס נאר א „לערע". די צוקונפט איז אין שוים פון די
געטער. קיינער קאן ניט גאראנטירען פאר דער צו־
קונפט. דער איצט איז א פאקט, די צוקונפט א
היפאטעזע. קיינער טאר ניט קומען און זאגען, ער
צושטערט, ער הרג'עט — צוליב די צוקונפטיגע
דורות וועגען. וואו איז דער מאנדאט, וואס די צו־
קונפטיגע דורות האבען ארויסגעגעבען צו שטערען
און מארדען אין זייער נאמען? מיר אליין זיינען
אמאל א „צוקונפטיגער דור" געווען. אין דער צייט
פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע זיינען מיר,
היינטיגע, א צוקונפטיגער דור געווען. מיר דארפען
עס דאך וויסען, האבען מיר ארויסגעגעבען אן ער־
לויבעניש אויפ'ן רויטען טעראר? האבען מיר בא־
פולמעכטיגט ראבעספיער'ן צו טויטען דאנטאנ'ן, און
דעם „זומפ" צו טויטען ראבעספיער'ן? קיין דור
האט ניט קיין רעכט צו פאר'משכונ'ען דאס געווי־
סען פון די דורות, וואס קומען. און אויך ניט דאס

אייגענע געוויסען. רעוואָלוציע איז אַ מאָראַלישער באַגריף, און ווערט אַן איינציגער געאָפּפּערט — דאַן איז די רעוואָלוציע אומהייליג. טויטען מענשען — „אומהייליג איז יעדע זאַך, וואָס פאָדערט עס" — זאָגט „די פרוי" — ווער עס פאָדערט מענשליך בלוט איז מולך. גאָט איז מולך — מלוכה איז מולך, מאַסע איז מולך".

זיך נאָר אליין מעג מען ברייננען פאַר אַ קרבן — דאָס איז די גרויסע פראַבע טאָלער'ס פאַר'ן אמת'ן אידעאַליזם. און „די פרוי" ברייננט דעם דאָזיגען קרבן. זי האָט אים שוין געבראַכט איינמאָל ווען זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איר ליבע; זי ברייננט אים איצט נאָך אַמאָל, ווען זי זאָגט זיך אָפּ פון איר לעבען. וואָרום „דער נאָמענלאָזער" איז געקומען צו איר אין תפיסה — צו העלפען איר אַנטלויפען. „אַלץ איז צוגעגרייט — זאָגט ער איר: צוויי וועכטער זיינען אָבגעקויפט, דעם דריטען וועכטער הרג'ע איך". און „די פרוי" ענטפערט: „וועכטער איז מענש, איך האָב קיין רעכט ניט גע־ווינען זיך לעבען דורך וועכטער'ס טויט". און זי אַנטזאָגט זיך. זי בלייבט אין תפיסה.

זי האָט געבראַכט דעם העכסטען קרבן — זי איז העלד פון לויטערסטער פראָבע. אָבער און

ווידער האָט דער „נאָמענלאָזער“ געזוכט צו דיס־
קרעדיטירען אירע אידייען, אויפוואַרפענדיג איר
אַז זי שטאַמט אָפּ פון מיטעלקלאַס, ניט פון פּראָ־
לעטאַריער, און איז אַן אינטעליגענטקע, וואָרום
„יעדער טראָגט דעם שטעמפּעל פון זיין אָפּשטאַ־
מונג“. דאָס איז אַן אָבקלאַנג פון דער באַוואוסטער
טענדענץ אין דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין
רוסלאַנד און טיילווייז אויך אין דייטשלאַנד. אָבער
עס איז פאַראַן אַ מער אינטימע אורזאַכע וואָרום
טאָלער האָט דעם דאָזיגען מאָטיוו אַזוי באַטאָנט
אין דער דראַמע. טאָלער׳ן איז עס באַזונדערס
שטאַרק געגאַנגען אין דעם, וואָרום ער אַליין איז
אַ קינד פון דעם מיטעלקלאַס, זייענדיג דער זון פון
אַ סוחר. און ער האָט ניט געוואָלט קיינעם, אין
פּרינציפּ, געבען דאָס רעכט אָבצופרעגען זיין אי־
דעאַליזם, און דעם אידעאַליזם פון קיין מענשען
בכלל. עס איז געווים אַ קלאָרע כונה געווען דער־
ביי, וואָס טאָלער האָט גענומען זיין העלדין פון
דעם מיטעלקלאַס און האָט אַזוי שאַרף איר קלאַס
אונטערשטראָכען. עס איז ווי ער וואָלט געזאָגט:
דוקא דער צווישענמענש איז באַרופען אויפצוהיטען
דעם מאָראַלישען גלייכגעוויכט און אויפהאַלטען
דעם גאָלדענעם מיטען אין דעם גרויסען און שווע־

רען קריזיס פון דער צייט: ביי די צוויי עקסטרע־מען זיינען די ליידענשאַפטען נאַטירליכערווייז צו שטאַרק און ברויזיג. טאָלער לייקענט דאָ דעם גע־דאַנק אַז דעם מענשען'ס גייסט איז שטענדיג אַ פּראָדוקט פון זיין סאָציאַלער לאַגע. דעם מענשענס גייסט איז פריי און אונאָבהענגיג.

און אין דעם מעכטיגען געראַנגעל צווישען די צוויי אנטאגאניסטען שטייט טאָלער אַליין אויף דער זייט פון „דער פרוי". ער וואַרפט די גערעכטיגקייט אין איר וואָגשאָל. טאָלער דערהויבט „די פרוי" איבער „דעם נאָמענלאָזען" ניט נאָר מיט איר פּו־לערן, מער בויגיגען, מער זאַפטיגען כאַראַקטער, מיט איר ברייטערער, אומפאַסיגערער נשמה און איר פייערדיגערער, שלאָגענדיגערער שפּראַך, נאָר אויך, און דער עיקר, מיט דאָס, וואָס איז פאַר טאָלער'ן די איינציגע פּראָבע פאַר אמת'ן אידעאַליזם, די פּראָבע פון אָפּפער. טאָלער האָט אַליין געליטען און געאָפּפערט פאַר זיינע אידייען, און דעריבער ווייס ער נאָר פון איין מין אידעאַליזם, דעם אידעאַ־ליזם וואָס ליידט. זי האָט געליטען, זי האָט מיט איר לעבען באַצאָלט, בשעת ער האָט נאָר פרעמדע לעבענס געאָפּפערט.

אין זיינע לעצטע ווערטער צו איר גיט ער אליין צו איר נצחון. ער זאָגט איר ביים אַרויסגיין:

„דו לעבסט צו פרי".

איר, הייסט עס, ניט אים, געהער די צוקונפט.

דער זין פון דער דראַמע, דער העכסטער פונקט צו וועלכען עס דערהויבט זיך איר געדאַנקען־גאַנג, ווערט דערגרייכט ביים סאַמע שלום. עס טרעט אָן דער לעצטער מאָמענט. עס קומט א גלח אויסצוריכטען „די פרוי" צו דער הינריכ־טונג. „גאָט וועט דיר מוחל זיין — זאָגט ער איר — כ'וויים, האָסט געטרוימט: דער מענש איז גוט. ניין, דער מענש איז שלעכט בטבע".

און „די פרוי" ענטפערט: „דער מענש וויל גוט זיין. אפילו ווען ער טוט שלעכטס, פארשלייערט ער זיך אין דער מאַסקע גוטס־טאָן".

דאָס איז די צוואה פון „דער פרוי" — איינע פון די הערליכסטע פיגורען אין דער מאָדערנער לי־טעראַטור, און דאָס איז די פילאָזאָפיע פון „מאַסע—מענש". זינט די טעג פון טאָלסטאָי זיינען ניט גע־הערט געוואָרען אַזעלכע פלאַמענדיגע ווערטער ווע־

גען מענש און מענשליכקייט, ווי דורך די ליפּען פון דעם דאָזיגען פרויען־געשטאַלט. טאָלער האָט זיך געראַנגעלט מיט פאַרצווייפלונג און האָט דאָ פאַר זיך אַ גרויסען געווינס, אַ גרויסע טרייסט געוואָר־נען—זיין אידעאַל פון דעם מענשען אַלס מ ע נ ש אויסגעלייזט. ער האָט פאַר זיך אַ נייע אָריענטאַציע געפונען. דער מענש ו ו י ל גוט זיין.

און אַזוי האָבען מיר אין „מאַסע־מענש" דעם צווייטען עטאַפּ אין טאָלער'ס טראַגישען זוכען נאָך דעם מענשען. דער ערשטער איז געווען אין דער „וואַנדלונג". דאָרט איז מענש — גאָט. דאָ אָבער איז דער ליכטיגער אידעאַל שוין שטאַרק פאַרטונ־קעלט, אָפּגעבלאַקט. טאָלער האָט מער ניט גע־קענט זיך דערשלאָגען צום מענשען־אידעאַל, וואָס ער האָט אַזוי הערליך אויפגעמאָלט אין דער „וואַנד־לונג". מענש איז ניט גאָט. עס איז פאַראַן אָבער אַ טרייסט: ער איז אויך ניט טייפעל. דאָס בייזע און שלעכטע, די קנאה און שנאה אין אים זיינען ניט קיין איינגעבאָרענע איבלען; זיי זיינען דרויסעדיגע, אָנגעקלעפּטע. דער מענש קען גוט זיין, ער ו ו י ל גוט זיין — דאָס איז אַ גרויסער זכות וואָס טאָלער קען אויף אים לערנען.

דער צווייטער עטאַפּ אָבער איז ניט געווען

טאַלער׳ס לעצטער פונקט. ער האָט ווייטער געזוכט און — נאָך ווייניגער געפונען.

.4

כאָטש „מאַסע־מענש" טראָגט ניט מער אַזאַ באַגייסטערונג פאַר דער אידייע מ ע נ ש ווי „וואַנדלונג", פונדעסטוועגן איז עס נאָך אַלץ אַ טיף אָפּטימיסטיש ווערק, פול מיט דעם לויטערען גלויבען אין דעם מענשען, אין די גוטע מעגליכקייטען, וואָס ליגען אין אים פאַרבאָרגען. די לעצטע ווערטער פון דער „פרוי" זיינען: „דער מענש וויל גוט זיין". דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסע גאַראַנטיע.

די שלום־סצענע אין „מאַסע־מענש" איז אַ סימבאָל. ווען „די פרוי" ווערט אַרויסגעפירט צו דער הינריכטונג כאַפּען זיך אַריין צוויי אַרעסטאַנטקעס אין איר צעל און הויבען אָן גנב׳ענען און פּאַקען צו זיך אין די בוזעמס דאָס, וואָס איז פון דער פרוי הינטערגעבליבען: ברויט, אַ שפּיגעלע, טוך. נאָר אָט דערהערט זיך דער שאָס פון דער הינריכטונג אין דרויסען. די ביידע פרויען פאַרשעמען זיך, לייגען צוריק די זאַכען און פרעגען: צו וואָס האָבען מיר עס געטאָן, צו וואָס האָבען מיר עס געטאָן? עס הייסט, אין געזיכט פון טויט, פון דעם ערנסט

פון לעבען, דערוואַכט דער גוטער מענש. עס איז אַ נאָכקלאַנג פון דעם געשריי אין „וואַנדלונג“: מיר זיינען דאָך מענשען, ווי האָבען מיר עס פאַר־געסען ? !

„וואַנדלונג“ איז געשריבען אין 1917, „מאַסע־מענש“ אין 1919. אָבער נאָך די דאָזיגע צוויי ווערק איז די מענשהייט אפנים קנאַפ־וואָס בעסער געוואָ־רען. פאַרקערט, יעדער נייער מאָנאַט, און יעדעס ניי יאָר האָט געבראַכט נייע סימנים פון מענשלי־כער שלעכטסקייט און בייזקייט. און ערנסט טאָ־לער גיט געבורט אין 1921 צו אַ ניי ווערק, וואו עס רעדט שוין אַ שווערערער געמיט, וואו דער גלויבען איז שוין שטאַרק פאַרטונקעלט, וואו דער פעסימיזם נעמט קלאָר די אויבערהאַנט איבער'ן אָפּטימיזם.

דאָס ווערק איז — „די מאַשינען־שטירמער“.

שוין אין דער קאָנצעפּציע אַליין פון איי̇ניגע כאַראַקטערען, און אין די באַציאונגען צווישען אַנ־דערע, אין דער דראַמע, דריקט זיך אוים דער דאָזי־גער פעסימיזם. צום ערשטען מאָל אין טאָלער'ס ווערק באַווייזט זיך אַ כאַראַקטער, וואָס איז אין תוך, אין הארצען שלעכט. ניט סתם פאַרווירט פון אַ פאַלשער געזעלשאַפטליכער פילאָזאָפיע, מיטגע־

ריסען און פארדארבען דורך אומשטענדען, נאר טא־
קע אין סאמע טבע שלעכט. דאס איז דזשאהן וויבל,
איינער פון די ארבייטער־פירער. ער איז א נידע־
ריגער סארט מענש, א זעלבסטזיכטיגער, אן אינ־
טריגאנט. ער שיקט דאס ווייב צו פירען ליבע
מיט'ן באלעבאס'ס פארוואלטער, צוליב עטליכע
גראשען. ער אינטריגירט געגען דזשימי'ן, ווייל
ער וויל ניט ארויסלאזען די פירערשאפט פון די אר־
בייטער פון זיינע הענט. ער פארקויפט די ארביי־
טער־זאך צום באלעבאס. ער העצט אויף די מאסע
צו דערמארדען זיין גלויביגען קאמעראד דזשימי'ן.
דערזעלבער פארטונקעלטער בליק טאלער'ס מערקט
זיך אין דער באציאונג פון דזשימ'ס מוטער צו
דזשימי'ן. טאלער האט ליב ארויסצופירען אין זיי־
נע ווערק מענשען, וואס האבען צווישען זיך א
קרוב'שאפט פון לייב, און אויפ'ן סמך פון דערדא־
זיגער קרובה'שאפט צו שילדערען די פייאיגקייט
פון די מענשען צו ברייננגען קרבנות. אזוי האבען
מיר געזען ווי אין „מאסע־מענש" זאגט זיך „די
פרוי" אפ פון איר מאן אין נאמען פון איר אידעאל.
אין „וואנדלונג" איז אויך פאראן אזא קרובה'שאפט
און אזא אפפער: פרידריך האט ליב גאבריעלע'ן,
אבער ווען יענע קען מיט אים ניט מיטגיין, איז ער

מקריב זיין ליבע און קלייבט בעסער אוים דעם אי־דעאַל. אין „מאַשינען־שטירמער“ ווערט נאָך אַ שטייפערע בלוט־קרובה׳שאַפט אריינגעבראַכט, די קרובה׳שאַפט פון מוטער און זון. דזשימי איז דער אידעאַליסטישער און אידעאַלער העלד פון דער דראַמע. נאָך יאָרען פון וואַנדערשאַפט קערט ער זיך אום אין זיין היים־שטאָט און טרעט אריין אין דעם קאַמף פון די ארבייטער קעגען זייער באַלעבאָס. דאָס איז אויך אַ קאַמף געגען זיין אייגענעם ברו־דער. וואָרום דער ברודער איז עס דער פּאַרוואַלטער פון דעם באַלעבאָס׳עס פאַבריק. דער פאַרוואַלטער גיט דער מוטער אַן אולטימאַטום, אויסצוקלייבען צווישען אים און דזשימי׳ן, און די מוטער הייסט ד ז ש י מ י ׳ ן אַוועקגיין, ו ו י י ל ע ר א י ז אָ ר ע ם, און דער אַנדערער איז רייך.

צוזאַמען מיט דעם איבערברוך אין טאָלער׳ס פילאָזאָפישען קוק מערקט זיך אויך אין „מאַשינען־שטירמער“ אַן איבערגאַנג אין זיין קינסטלערישען מהות. דער טעמפאָ ווערט אַ רואיגערער, געלאַסע־נערער, כאָטש נאָך אַלץ אַ שארף געשפאַנטער. ער איז נאָך אַלץ דער ליריקער, אָבער דער ליריזם איז ניט מער דער רוישיגער, אימפּולסיווער, נאָר אַ צאַרט פאַרביינקטער, דורכגעשמערצט פאַרטראַכ־

טער. דער גיפט פון צווייפעל האָט זיך געלייגט אין זיין בלוט און שווערער געמאַכט דאָס פליסען. אין „וואַנדלונג" און „מאַסע-מענש" איז דער דיאַלאָג — פון איינציגע ווערטער געהאַמערט; אין „מאַשינען-שטירמער" איז ער שווין פון לאַנגע זאַצען געוועבט; דאָרט איז ער — וואָרט-געראַנגעל; דאָ — כמעט קאָנוועזאַציע.

אָבער דאָס, וואָס טאָלער פאַרלירט אין דיאַלאָגישער קונסט, געווינט ער אין כאַראַקטער-מאַלעריי און בכלל אין קאָמפּאָזיציאָנעלער קינסטלערישקייט. די כאַראַקטערען זיינען ניט נאָר פאַרקערפּערונגען פון געוויסע אידייען, נאָר בולט'ע פּילזייטיגע געשטאַלטען, מענשליך - וואַריאירט. אין „מאַשינען-שטירמער" ווי אין אַלע זיינע דראַמען פירט טאָלער אַרויס אַ סך מענשען, אָבער דאָ זיינען די מענשען קלערער געצייכענט, ווי אין די פריערדיגע ווערק.

טאָלער'ס „מאַשינען-שטירמער" איז אַזוי ענליך צו גערהאַרד האופּטמאַנ'ס „וועבער", אַז עס בעט זיך אַ פאַרגלייך צווישען די צוויי דראַמען, און דער פאַרגלייך איז ניט אינגאַנצען צו גונסטען פון האופּטמאַנ'ס ווערק. אויך אין „מאַשינען-שטירמער" איז די טעמע — דאָס לעבען פון די וועבער,

און אויך אין אַ מאָמענט פון סטרייק. אַזוי ווי אין די „וועבער" איז דער הויפּט־העלד דער פּריש־אָנ־געקומענער סאָלדאַט, אַזוי איז אין „מאַשינען־שטירמער" דער באַוועגענדער גייסט דזשימי, וועל־כער קערט זיך נאָר־וואָס אום פון מרחקים און ברייננט דעם גרוס פון נייע, אויפוואַכענדע וועל־טען. אין ביידע דראַמען טרעט־אויף אין לעצטען אַקט אַלס העלד — די מאַשין. אָבער אין סך־הכל גע־נומען איז „מאַשינען־שטירמער" אַ שענער און גייסט־רייכער ווערק. די „וועבער" איז געמאָלען מיט איין פאַרב — שוואַרץ; „מאַשינען - שטירמער" בלענדט מיט פאַרבען. „וועבער" איז אַן איינפאַ־כער „אוזאָר", געצייכענט מיט אַ גראַדער, שווע־רער ליניע; די „מאַשינען־שטירמער" איז דין־קאָמ־פּליצירטע געוועב, פעליגרי. „וועבער" איז אַרויסגע־רעדט אין איין שטימע, אין באַס; „מאַשינען־שטיר־מער" איז אַ כאָר פון שטימען. „וועבער" באַוועגט זיך מיט אַ שווערען, מאַסאָוועז טראָט; די „מאַשי־נען־שטירמער" גייט מיט דעם ריטם פון אַ כאָאָס פון טריט. „וועבער" שיינט מיט אַ שטענדיגען מאַטען ליכט; „מאַשינען־שטירמער" בליצט און בליאַסקעט ווי זון אויף געמאָלענעם גלאָז.

נעמט כאַטש דעם קינדער־מאָטיוו אין די „וועַ־
בער“ און אין די „מאַשינען־שטירמער“. אין דער
ערשטער דראַמע איז דער דאָזיגער מאָמענט אַרויס־
געבראַכט כמעט אומבאַהאָלפען אין פאַרגלייך מיט
דעמזעלבען מאָמענט אין דער אַנדערער. אין „די
וועבער“ לאָזט האופּטמאַן אויפטרעטען אַ קינד,
וואָס האָט געבראַכט אַ שווערען לאַדען מיט שטאָף
איבער אַ גרויסער שטרעקע, און פאַלט אַנידער
אויסגעשעפּט אונטער דער לאַסט. אַ דומפּע סצע־
נע. אין די „מאַשינען־שטירמער“ איז דער קינדער־
מאָטיוו איינגעוועבט אין דעם לעבען פון דער דראַ־
מע מיט אַזאַ צאַרטער האַנט, מיט אַזאַ דעליקאַטער
פיינקייט, אַזוי ווי פון טרוים־פעדים געוועבט. די
דראַמע הויבט זיך אָן מיט אַ לירישער, טראַגישער
סצענע פון קינדער־חן און קינדער־ווייַ און ענדיגט
זיך מיט אַ ברוטאַלער, דראַמאַטישער סצענע פון
קליינינקע קינדערלאַך וואָס זיצען און מיען זיך ביי
דער ריזיגער מאַשין אין פאַבריק. און צווישען די
צוויי ברעגען שווימט דער קינדער־מאָטיוו לייכט
און צאַרט ווי אַ זומער־פאָדים אין זומערדיגען טאָג.
איבער דעם געפּילדער און טומעל פון דעם קאַמף
צווישען מענש און מאַשין, מענש און מענש, טראָגט

זיך דער מאָטיוו אַזוי ווי איין לאַנגער, זאַנפטער, רחמנות־פולער זיפץ.

„מאַשינען־שטירמער" הייסט די דראַמע דערפאַר ווייל זי באַהאַנדעלט די געשיכטע פון די לודיטען אַמאָל אין ענגלאַנד, וועלכע האָבען געקעמפט געגען דער איינפירונג פון דער דאַמף־מאַשין אָנשטאָט דעם האַנט־וועבשטול אין דער אינדוסטריע, און האָבען, ווי עס איז געווען דער פאַל אין אַנדערע פאַכען אויך, די מאַשינען געבראָכען און צושטערט. דאָס איז שוין אַן אַלט־פאַרגעסענער קאַמף. אַרבייטער האָבען שוין לאַנג זיך אונטערגעגעבען צו דער מאַשין און אָנערקענט איר אומפאַרמיידליכקייט און איר אויבערהערשאַפט. אָבער אין די הענט פון טאָלער'ן איז די דאָזיגע פראַגע דאַנקבארער מאַטעריאַל. זי גיט אים די מעגליכקייט ניט נאָר צו באַהאַנדלען זיין באַליבטע טעמע פון צושטערונג און גוואַלט, נאָר אויך פאַרצושטעלען זיין פילאָזאָפיע פון מאַשין. מאַשין איז סטיכיע, מאַשין איז נאַטורקראַפט, מאַשין איז אומבאַזיגבאַר, מאַשין איז קוואַל פון מענשליכען גליק — אין די הענט פון ג ו ט ע ן מענשען. אין גוטער, מאָראַליש־באַהערשטער מאַשין־באַלעבאַטישקייט ליגט די מעגליכקייט פון גליק־

ליכען צוזאַמענלעבען צווישען מענש און מענש, און מענש און נאַטור.

אָבער אין לייט־מאָטיוו איז „מאַשינען־שטיר־מער" אַ פאָרטזעצונג פון „מאַסע־מענש". אויך דזשי־מי אַזוי ווי „די פּרוי" איז אַן אַפּאָסטאָל פון בלוט־לאָזען קאַמף אַלס מיטעל אין דער דערלייזונג פון דער אַרבייטענדער מענשהייט. אָבער עס איז פאַ־ראַן אַ וויכטיגע וואַריאַציע אין דעם מאָטיוו. „די פּרוי" טרעט אויף, איידער דער קאַמף האָט זיך אָנ־געפאַנגען און רופט צום סטרייק; אָבער דזשימי טרעט אויף אינמיטען פון שווערען סטרייק, און הייסט, אין ברען פון קאַמף, דעם קאַמף אָפּשטעלען, הייסט זיך אונטערגעבען. ער הייסט די אַרבייטער אָננעמען אַלע שווערע באַדינגונגען, וואָס דער פאַבריקאַנט לייגט זיי פאָר, הייסט אָננעמען די שווערע מפּלה, בויגען דעם קאָפּ אין יאָך און אַרבייטען ווייטער און וואַרטען. „דער קאַמף איז שווער און הייסט געדולד, ברידער — זאָגט דזשימי — דער קאַמף איז שווערער ווי איר שטעלט זיך עס היינט פאָר. איר מוזט אויפנעמען דינסט ביי דער מאַשין. די אַלטע לאַסט מוזט איר נאָך טראָגען אַ שטיקעל צייט . . . מוזט זען אייערע ווייבער, אייערע קינדער הונגערען" . . .

וואַרטען — אָבער אויף וואָס וואַרטען?

וואַרטען אויף דער פאַראייניגונג פון אַלע אַר־בייטער, אויף דער געמיינשאַפט פון ווערקער־פאָלק אין דער גאַנצער וועלט. ביז דעמאָלט — דולדען, אַרבייטען און דולדען.

מיר האָבען געזען אין „מאַסע־מענש" וואָס פאַר א גרויסע באַדייטונג עס שפּילען אין טאָלער'ס געדאַנקען־גאַנג די באַגריפען פון „פאָלק אין געמיינ־שאַפט", „ארבייטער אין געמיינשאַפט". עס איז אַן אידייע, וואָס טאָלער נעמט אָפּט וואָרט אין וואָרט פון זיין גרויסען רבי'ן גוסטאַוו לאַנדאַוער, און באַדייט פאַר אים באַוואוסטזיניגע, מאָראַלישע מענשהייט, אַלס אונטערשייד פון מאַסע, וועלכע איז „פאַרשאָטען פאָלק", וועלכע איז — אַ־מאָראַליש. אַזוי לאַנג ווי פאָלק איז נאָך מאַסע איז עס נאָך ניט ראוי צו גיין אין קאַמף פאַר באַפרייאונג. „ווער עס רופט אַרוים די נידעריגע קרעפטען און טריבען פון דער מאַסע — זאָגט דזשימי — דעם טרעפט איר שטורם. היינט איז ער פירער, מאָר־גען ווערט ער פון פעלז־שטורץ, פון בלינדע און ווי־טענדע ליידענשאַפטען צוריבען, מאָרגען איז ער טויזענטפאַך באַשפּיגענער פאַררעטער". מאַסע טאָר

ניט, פאָלק מעג. און דער פּרובירשטיין פאַר פאָלק איז, פאַר טאָלער'ן, די א י י נ י ג ק י י ט פון פאָלק. וואָרום אייניגקייט מיינט — אייניגקייט פאַר אַ צוועק, מיינט באַוואוסטזיניגקייט. מאַסע איז צופאַל, מאַסע איז באַוואוסטלאָזיגקייט; פאָלק איז ציל־באַוואוסט, פאָלק איז עטיש.

דעריבער הייסט דזשימי אוועקלייגען די וואַפען, אויפגעבען דעם אָנגעהויבענעם קאַמף און וואַרטען, וואַרטען אויף יענעם אידעאַל פון ג ע מ י י נ־ש אַ פ ט. אַ גאַנצע וועלט ליגט דאָ צווישען דזשימי'ן און פרידריכ'ען. פרידריך האָט געגלויבט — אַז דער מענש אין דעם מענשען ליגט אונטער דער הויט. מען דאַרף נאָר אַ ריר טאָן און ער טרעט אַרויס אויבען.דעריבער האָט ער געהייסען מאַרשירען, איצט, שוין, באַלד. דזשימי אָבער ווייס שוין בעסער. ער ווייס עס איז צו פרי צו גיין. די צייט איז נאָך ניט געקומען. מען מוז וואַרטען: צוערשט מוז דער דור המדבר אויסשטאַרבען.

נאָך אַ טיפערער אָפּגרונד ליגט צווישען דזשימי'ן און זיין אַנטאַגאָניסט אין דער דראַמע זשאַן וויבל.

די שיטה פון געדולדיגען וואַרטען און פון א ו ם־

ו ו י ד ע ר ש ט א נ ד  שטעלט דזשימי ארויס געגען וויבל'ס שיטה, וועלכע פאָדערט: טאַט ! אַקציאָן ! בדאַי מפּלות, אַבי טאַט. וואָרום וויבל האָט זיך זיין אייגענע שיטה, פּונקט אַ פאַרקערטע:

„מיר דאַרפן מפּלות. בלויז טיפסטער עלענד שאפט רעבעלען. גיב זיי פּעטש, גיב זיי שנאַפּס שפּייען זיי דיר אויף דיין אויפגעקלערטקייט און וואַלגערען זיך אין קאָרעטע ווי אַנגעפרעסענע חזירים".

„בלוט הייסט די בייטש, וואָס וועט זיי פון נאַרישען שלאָף רייסען".

דעריבער וויל וויבל קאַמף, טאַט, אַקציאָן.

דזשימי קאָן אים ניט פאַרשטיין. וואָס איז עס „טאַט" פאַן אַן אַבגאָט, וואָס די מענשהייט מוז זיך בוקען צו אים ? „איז יעדע טאַט אַ מזבח — פרעגט ער — וואָס בויגט די מענשען-קני צו פאַרערונג ? זינלאָזע טאַט איז די שכרות פון פייגלינגען און נאַרען", זאָגט ער.

אַ נייעם אידעאַל שטעלט דאָ טאָלער ארויס דורך דזשימי'ן, אַ נייעם לעבענס-קוק. פרידריך רופט צו רעוואָלוציע; „די פרוי" רופט צו פרידליכען סטרייק; דזשימי רופט צו פאַסיווען דולדען, צו

אויסלייטערונג דורך לײדען. עס איז קלאָר: דזשי־
מי איז אַ „רײנערער“, אַ העכערער אידעאַליסט.
ער איז נאָך אין אַ טיפערען זין ווי זיי דער אפּאָס־
טאָל פון ליבע און פרידען. און דאָס געהער צו דער
„וואַנדלונג“ וואָס טאָלער האָט דורכגעמאַכט דורך
דער צייט. טאָלער, דער אַקטיווער פּאָליטיקער,
וועלכער האָט אַליין „געמאַכט געשיכטע“, שיקט
ענדליך אַרויס אַ סאָציאַלען טוער — אַ נביא פון פּאַ־
סיוויטעט. און געבאָרען געוואָרען איז דערדאַזי־
גער נייער העלד טאָלער׳ס, ניט פון געשטייגערטען
גלויבען אין דעם מענשען, נאָר פון געפאַלענעם, ניט
פון צוטרוי, נאָר אומצוטרוי. וואָס פאַרטונקעלטער
עס איז געוואָרען זיין אמונה אין דעם גוטען מענ־
שען, אַלץ „בעסערע“ העלדען האָט ער געשאַפען.
עס איז אַ פּאַראַדאָקס, אָבער אַזוי שיינט עס צו זיין:
די וואָס האָבען די העכסטע מענשהייטס־אידייען
אַרויסגעשטעלט, יענע האָבען אַם ווינציגסטען אין
דעם מענשען געמוזט גלויבען. גרעסער די אויפגאַ־
בע, גרעסער דער כח.

אָבער וואָס העכער, וואָס ווייטער אַ מענש
שטעלט זיך פון לעבען, אַלץ קלענער מוז ווערען
זיין ווירקונג אויפ׳ן דאָזיגען לעבען. די שוואַכ־

קייט פון דזשימי'ן און זיין שיטה באַש־
טייט אין דעם, וואָס ער ראָט — צו פּאַסיוויטעט,
צו אומטאַט. אָבער מאַסע אין אויפגעשוואָלענע
סאָציאַלע אומשטענדען, איז אין געשפּאַנטען צו־
שטאַנד, איז פול מיט סאָציאַלער ענערגיע, און ענער־
גיע פאָדערט טאַט פאַר איר אַנטשפּאַנונג. דערין
ליגט די שוואַכקייט פון יעדע לערע פון ווידער־
שטאַנד, און בכלל פון עטישער גוטסקייט אין דער
וועלט. דאָס איז די מערקווירדיגע דילעמא, די איי־
גענאַרטיגע טראַגעדיע פון דער עטישער אידייע,
וואָס זי קאָן ניט זיין קיין אַגרעסיווע קראַפט, קאָן
זיך ניט פאַרוואַנדלען אין סאָציאַלער דינאַמיק.
טאָלסטאָי'ס „צאַר פיאָדאָר" איז די טראַגעדיע פון
דער דאָזיגער דילעמא. עס איז געוויינליך אָנגע־
נומען, אַז צאַר פיאָדאָר אין דער דראַמע איז אַ
שוואַכלינג. אָבער עס קאָן ניט זיין קיין גרעסערער
טעות, ווי דאָס. ניט אַ שוואַכלינג איז ער, נאָר אַ
העלד, פיליכט דער מערקווירדיגסטער העלד אין
דער גאַנצער ליטעראַטור, אַן איינציגער אין זיין
מין — דער ה ע ל ד פ ו ן פ אָ ל ק אָ מ ע־
נ ע ר ג ו ט ס ק י י ט, פון דער פאָלקאָמענער
עטישער אידייע . און ד ע ר י ן ליגט זיין
שוואַכקייט. וואָרום ער קאָן ניט אַרויסשטעלען

קיין ווידערשטאנד, ער מוז דורכאוים בלייבען די גוטסקייט. ווארום אין דעם מאמענט, וואס ער וואלט ארויסגעטראטען מיט הארטקייט און שארפקייט, אין יענעם מאמענט וואלט ער געווארען פאלש זיין טבע, וואלט ער אויפגעהערט צו זיין דאס, וואס ער איז — דער העלד פון עטישער פאלקאמענהייט. זיין פאלקאמענהייט בינט אים די הענט. מיט געבונ־דענע הענט איז ער א לייכטע רויב פאר די ראבען. גוטסקייט קאן זיך ניט דורכשלאגען א וועג אין לעבען, ווייל זי  ק א ן  זיך ניט  ש ל א ג ע ן, זי טאר זיך ניט שלאגען. אין א וועלט, וואס איז שלעכט, קאן גוטסקייט זיך ניט אויסלעבען.

ביידע, דזשימי און וויבל, קעמפען פאר אויבער־הערשאפט איבער דער מאסע. אבער געווינען, גע־ווינט וויבל. ניט טאלער'ס העלד איז וויבל, ניט טאלער'ס שיטה איז וויבל'ס שיטה, אבער טאלער לאזט אים דאך באקומען די אויבערהאנט. טאלער דער פסיכאלאג איז גובר טאלער'ן דעם אידעא־ליסט. ער לאזט זיין גוטען העלד געשלאגען ווע־רען, זיין גוטע אידייע אומפארווירקליכט בלייבען, ווייל עס איז סאציאל־פסיכאלאגיש אמת'ער דער זיג פון וויבל, ווי דער זיג דזשימי'ס וואלט געווען. און געטריי צו דער דאזיגער סאציאלער לאגיק לאזט

טאַלער דזשימי'ן אומקומען דורך די הענט פון יע־
נער מאַסע, וועלכע ער האָט זיך אַזוי ערליך באַמיט
צו פירען. דורך פאַרשיידענע מאַכינאַציעס געלינגט
וויבל'ען אַרויסצוזאָגען די סטרייקענדע מאַסע פון
אונטער דזשימי'ס איינפלוס אויף אַ קורצע ווײַלע
און זיי באַקערען צו זיין שטאַנדפונקט אַז עס
איז נויטיג צו שטורמען די מאַשין אין דער פאַב־
ריק. ער פירט זיי אַוועק צו דער פאַבריק און עס
קומט דאַ פאָר אַ קאַמף־סצענע, אַ שטורם־סצענע
— איינע פון די שענסטע און מורא'דיגסטע אין
דער דראַמאַטישער ליטעראַטור. מענש און מאַשין
בייסען זיך איין מיט די ציין, מענשהייט און שיק־
זאַל פאַקען זיך פאַר די העלזער. אין מיטען פון דעם
דאַזיגען טייפעלשען טאַנץ קומט צו לויפען דזשימי
און פרובט זיך שטעלען געגען שטראָם. אָבער עס איז
צו שפעט. די מאַסע איז שוין צושטורעמט, די מאַ־
סע איז שוין אַ ווילדער ים, די מאַסע איז שוין בלינ־
דע קראַפט, די מאַסע לעכצט צושטערונג און פאַר־
ניכטונג. די מאַסע איז ניט מער אָבצוהאַלטען.

אין דער איצטיקער דראַמע האָט זיך טאַלער
פאַרקערפערט אין צוויי פערזאָנען, אין דזשימי'ן
און אין דעם „בעטלער" — אַ כאַראַקטער, מאָדע־

לירט נאָך שעקספּיר'ס נאַר, און אָפּטמאָל אַזוי קלוג ווי יענער. דעם אַנטוישטען, דעם פאַרביטערטען, דעם ציניש־געוואָרענעם טייל פון זיך האָט טאָלער אויסגעהאַקט אין אַ באַזונדער כאַראַקטער און אים אַרויסגעלאָזט אַרומצושפּאַצירען אין דער דראַמע ווי אַ זייטיגען באַאָבאַכטער. דורך דער גאַנצער דראַ־מע באַגלייט דער דאָזיגער כאַראַקטער דזשימי'ן און לעשט יענעמס ענטוזיאַזם מיט זיין לעבענס־חכמה, מיט זיין ניכטערען קוק אויף די מענשען. דזשימי ווערט זיך געגען אים, קלאַמערט זיך אימער אָן זיין גלויבען אין דעם מענשען. איצט אָבער,ביים אָנגעזיכט פון דער צעבושעוועטער מאַסע, פּלאַצט דער גלויבען, און די צוויי כאַראַקטערע גיסען זיך צונויף אינאיינס. דזשימי דערקענט די ווירקליכ־קייט.

די טראַגעדיע פון אַ צובראָכענעם לעבענס־אי־דעאַל שרייט אַרויס פון די ביטערע, פאַראַכטענדע ווערטער, וואָס דזשימי ברויזט אַרויס אַנטקעגען דער מאַסע, וועלכע ער האָט ערשט אַזוי פאַרהיי־ליגט:

> אַ, קאַמעראַדען, פריי האָט איר מיר געשיינט,
> אָבער איר זייט געוועזן קנעכט !

אימער קנעכט! דער באַלעבאָס האָט אייער
ווייב געקויפט ...
און איר האָט זיך געבוקט ... איר קנעכט!
געפּרעסט אין קריג'ס ראַק, רופט איר הורא!
און בוקט אייך! איר קנעכט!
און אייער טאַט איז די טאַט פון קנעכט.
וואָס רעבעלירט. וואָס ווילט איר?
הערשען ווי די האַרען ... קנעכט!
דריקען ווי די האַרען קנעכט!
וואויל לעבען ווי די האַרען ... קנעכט!
ווער ס'שמייסט אייך מיט'ן בייטש צום באַפרייאונג,
דעם נאָר פאָלגט איר ... קנעכט!

— — — — — — — — — — — — — —

אָט דאָס איז דאָס געפיל און דאָס איז די מיי־
נונג וועגען די מענשען, וואָס דזשימי, דער ריינער
אידעאַליסט, טראָגט איצט אַרויס. ניט פרידריך, ניט
„די פרוי", אוודאי ניט דער „נאָמענלאָזער" האָבען
אַזעלכע רייד גערעדט, אַזאַ ביטערקייט אויסגע־
גאָסען.

וויבל דערענדיגט די אַרבייט, וואָס ער האָט
אָנגעהויבען. נאָך אַזעלכע ווערטער פון דזשימי'ן
ווענדט ער זיך צו דער מאַסע:

„איר שווייגט און שווייגט און שווייגט!

זייט איר מענשען? די צונג אים פון מויל! די אויגען אים פון די אויגענלעכער!"

וויבל, אזוי ווי דזשימי, שרייט אויך, אז זיי זיינען קיין מענשען ניט, אבער וואס פאר א חילוק אין דעם געשריי!...

אבער די מאסע גיט וויבלען באלד אויפ'ן פלאץ דעם באווייז, אז זיי זיינען יא מענשען, דעם באַווייז, וואס ער וויל: זיי שניידען אוים דזשימי'ן די צונג און שטעכען אים אוים די אויגען.

און די איראניע פון אזא אויסגאנג דזשימי'ס, די איראניע פון סאציאלען שיקזאל, ברייננט ארוים טאלער מיט שניידענדער מייסטערשאפט אין דעם „אלטען ריפער", וועלכער גייט די גאנצע צייט ארום זוכען גאט — אים צו שיסען מיט א שטעקל, און געפינענדיג איצט דזשימי'ס טויטען קערפער שרייט ער אוים מיט פרייד:

„הורא! א סוף צום עלענד! איך האב גאט'ס זון דערשאסען... דו ארימער, ליבער גאט... מען מוז פאר א באגרעבעניש זארגען... אויפ'ן הייליגען ארט? ניין, אויפ'ן שינד-ארט מיט אים!"

צו די נבלות, צו די הינט מיט גאט, מיט אזא וועלט ווי ער האט באשאפען...

אין די לעצטע ווערטער דזשים'ס פראקלאמירט טאלער א נייעם נוסח פון דעם מ ע נ ש ע ן.
„וואס ווילט איר? — פרעגט ער — הערשען ווי די הארען, קנעכט! דריקען ווי די הארען, קנעכט!"

ק נ ע כ ט, ט י ר א ן — אט דאס איז שוין דער מענש אין טאלער'ס געדאנקען - גאנג, דער מענש וואס איז גאט, דער מענש וואס ו ו י ל גוט זיין . . .

דאס איז דער דריטער עטאפ טאלער'ס אין זיין זוכען נאכ'ן מענשען. און אויך דער דריטער עטאפ איז ניט געווען דער לעצטער. ער האט ווייטער געזוכט, און נאך ווייניגער געפונען . . .

.5

„הינקעמאן"*) איז אין טויזענט און איין פרט א גאנץ אנדער דראמע, ווי אירע דריי איינגערע שוועסטער. ווען מען געהט ארויס פון „וואנדלונג", פון „מאסע-מענש", פון „מאשינען-שטירמער" און מען גייט אריין אין „הינקעמאן", איז גלייך ווי מען וואלט פון א ווילדען שטירמישען ים פלוצלונג פאר-בלאזען געווארען ערגעץ אין א שטילער מיט שימל באדעקטער אזערע; פון א מעכטיגען הערליכען

*) אין אידיש דערשינען אלס „דער בלוטיגער געלעכטער"

געוויטער אין די בערג פארקראַכען ערגעץ אין אַ טויבער הייל, אַ וואוינונג פון ווערים.

אין די ערשטע דריי ווערק קאָכט עס און ברויזט מיט לעבען. די וועלט האָט זיך פון קייט אָפגעריסען, לענדער זיינען אין פלאַמען, פעלקער שטירמען, מאַסען זיינען אין געררודער, קולטורען קראַכען, טויט און לעבען קעמפען מיט איינאַנדער. „הינקעמאַן" איז — אַ שטאָט פון מתים, אַ וועלט פון איינגעפאַלענע חורבות. פון די שטאָלצע פאָנען האָט דער ווינט אַרויסגעבלאָזען, פון די שמעטערנדיגע טרומייטערס איז דער אָטעם אַוועק, פון די געשפאַנטע מוסקולען איז די קראַפט אויסגערונען. עס איז נאָך פאַראַן דער איינצעלנער העלד, אָבער ער איז שוין ניט מער דער פייערשפייענדיגער באַרג, וואָס א פרידריך, אַ דזשימי. ער איז אַן אויסגעלאָשענער מענש ; מיר זעען נאָך מאַסע, אָבער ניט מער אין אויפשוואונג, ברעכענדיג די טירען צו נייע צייטען און נייע וועלטען. מיר זעען זי איצט אין רו, אין איר לעבען פון טאָג צו טאָג, אין סטאַטישען צושטאַנד, אין — איינגעשטאַנענקייט ; מיר זעען זי אַלס „געזעלשאַפט".

די פריערינע ווערק זיינען געווען בלענדענדע

וויזיע, „הינקעמאַן“ איז — אַן אויסגעלאָשענע אויג; יענע — שטאָלענער מוסקול, די — איבערגעברענטע שטרוי; דאָרט שפּאַנונג, דאָ — אָנטשפּאַנונג; דאָרט אייזערנע ענעריגע, דאָ — געלייםטע ווי־לענסלאָזיגקייט.

„הינקעמאַן“ איז די דראַמע פון — אָפּהענדיג־קייט, פון סאָציאַלער אַפּאַטיע און סאָציאַלען — פוילען.

ווי אַזוי איז דאָס געשען? וואָס איז פאָרגע־קומען אין טאָלער׳ס נשמה? ווי אַזוי פּלוצלונג אַזאַ איבערגאַנג? אין וועלכער פּריזמע האָט זיך עס זיין בליק איבערגעבראָכען און איז אַזוי צו־קרימט געוואָרען?

פון די „מאַשינען־שטירמער“ ביז „הינקעמאַן“ איז נאָך א יאָר אַוועק. די צושטורמטע וועלט איז רוהיגער געוואָרען. אייראָפּא איז געוואָרען שטי־לער, געזעצטער. די פעלקער זיינען אריין צוריק אין זייער פרידליכען לעבען.

פון זיין צעל אָרוים האָט טאָלער געקוקט צו זען וואָס דער געררודער האָט מיט זיך געבראַכט, וואָס דער שטורם האָט נאָך זיך געלאָזען, און האָט זיך צו אַ נייעם קוק דערשלאָגען. פון דעמדאָזיגען

קוק אַרוים איז „הינקעמאַן“ נאַטירליך און זעלבסט־פאַרשטענדליך.

שוין אַליין אין דעם פירשפּרעכער פון די מאַ־סען, וואָס טאָלער שטעלט אַרוים אין „הינקעמאַן“ איז צו זען זיין ניי־געוואונענעם שטאַנדפונקט. אין יעדער פון די פריערדיגע דראַמעס איז געווען אַ טריבון, אַ פאָלקס־פירער, אַ פּראָטאַגאָניסט פון מאַ־סע און מענשהייט. אין „וואַנדלונג“ — פרידריך; אין „מאַסע־מענש“ — „דער נאַמענלאָזער“, „די פרוי“; אין „מאַשינען־שטירמער“ — דזשימי. אַלץ אידעאַלע פּערזענליכקייטען, פאָלקס־וועקער, פאָלקס־דערלייזער, פאַקעל־טרעגער פון אַ נייעם מאָרגען. אַ גאַנץ אַנדער סאָרט מענש איז דער פירשפרעכער פאַר די מאַסען אין „הינקעמאַן“.

דאָ איז עס — דער באַלאַגאַנשטשיק.

דעם באַלאַגאַנשטשיק איז ניט אָוועקצומאַכען מיט דער האַנט אין דער דראַמע. ער איז זייער אַן אינטערעסאַנטער מענש. ער איז אַ דענקער, ער איז אַ סאָציאַל־פילאָזאָף, אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָג. ער, דער באַלאַגאַנשטשיק, דערשיינט דאָ אַלס דער מאַסען־קענער, אַלס דער אויסדריקער פון דעם פאָלקס־ווילען, אַלס דער אינטערפּריטאַטאָר פון זיי־

נע אינסטינקטען. „קעניגען, גענעראַלען, גלחים און באַלאַגאַנשטשיקעס — זאָגט ער צו הינקעמאַנ׳ען — זיינען די איינציגע פּאָליטיקער : זיי נעמען אָן דאָס פּאָלק ביי זיינע אינסטינקטען“.

זיי קענען דאָס פאָלק, פאַרשטייען זיין פּסיכאָלאָגיע. און זיי זיינען ניט קיין נאַרישע טרוימער, ווי די פרידריכ׳ס, די דזשימי׳ס, וועלכע זוכען צו בויגען דידאָזיגע אינסטינקטען, פירען זיי ווער־ווייס אין וועלכע אילוזיערע וועלטען. זיי זיינען פּראַקטישע מענשען. זיי האָבען זיך געשטעלט דעם צוועק בעסער צו באַדינען דידאָזיגע אינסטינקטען, צו באַפרידיגען די פאַרלאַנגען פון פּאָלק. און אַזוי מאַכען זיי, אַז עס „האַרמאָנירט פּאָלקס־אינטערעס מיט פּריוואַט־אינטערעס“. און זיינען ער־פּאָלגרייך. אָבער ער איז ניט איינער מיט דער מאַסע, ער שטייט איבער איר, העכער פון איר. ער פאַראַכט די מאַסע, און לאַכט ציניש פון די אילוזיעס, וואָס אַנדערע וועבען זיך וועגען איר. ער גלויבט ניט אין קיין שיינע אידייען. דאָס פּאָלק וויל זיי ניט. דאָס פּאָלק וויל גאַנץ עפּעס אַנדערש. ער וויים גוט, וואָס דאָס פּאָלק וויל.

וואָס ?

ער דערקלערט עם הינקעמאַנ׳ען:

דאָס פ אָ ל ק ו ו י ל ב ל ו ט!!

וואָס וועל איך דאַרפן טאָן? פרעגט הינקע־מאַן דעם באַלאַגאַנשטשיק, צו וועלכן ער איז גע־קומען בעטן אַרבייט.

און דער באַלאַגאַנשטשיק נעמט עס דאָ די געלעגנהייט צו געבן אים אַ לעקציע אין פאָלקס־פּאָליטיק, אים אויפצוקלערן אַביסעל אין סאָציאַ־לער פּסיכאָלאָגיע.

„קינדערלייכט, — זאָגט ער — פּאַס אויף. פאָלק איז ניט קיין סטאַדע שעפּסן. בלויז די טרוימער גלויבן אין ראַזינקעס. זיי האָבן קיין באַגריף ניט פון געשעפט. פאָלק וויל זען בוט! בלוט!!! טראַץ צוויי טויזנט יאָר פון קריסט־ליכער מאָראַל!“.

דאָס איז אַ נייער נוסח וועגן דעם מענטשן, וואָס טאָלער זאָגט אַרויס דורך די ליפּן פון דעם נייעם פאָלקס־פירשפּרעכער, דער נייער באַגריף, צו וועלכן ער האָט זיך דערגראָבן אין דעם יאָר נאָך „מאַשינען־שטירמער“. וואָס פאַר אַ ווייטקייט עס ליגט דאָ צווישן דער ערשטער און דער לעצ־טער דראַמע, וואָס פאַר אַ פינסטערן נשמה־וועג טאָלער האָט דורכגעמאַכט צווישן דידאָזיגע צוויי

פונקטען . . .

מענש וויל בלוט....

דאָס הייסט: די שיינע אילוזיעס טאָלער׳ס ווי רויך צורונען, זיין מענשהייטס-אידייע — פאַלשטענ-דיג באַנקראָטירט.

מיט אזא מענשען און אזא פאָלק — וועלכע נייע וועלטען האָט שוין טאָלער געקענט בויען, וועל-כע צוויבער־לענדער ?

דעריבער דער איבערברוך פון די פריערדיגע דראַמען ביז „הינקעמאַן", דעריבער דער גייסט פון אַפּאַטיע אין וועלכען דאָס ווערק איז געשאַפען.

קיין שפּור איז מער אין דער דראַמע ניטאָ פון א פאַרזוך צו דערקלערען, צו פאַרענטפערען, צו אונטערשיידען צווישען „מאַסע" און „פאָלק", אזוי ווי אין די פריערדיגע דראַמעס. עס איז מער קיין סימן ניטאָ פון דעם העראָאישען גערעַנגעל פון די פריערע דראַמעס אויפצוהאַלטען כאָטש פיל-וויניג פון דער שיינער אילוזיע. אפילו אָן איינציגער א גוטער העלד איז דאָ מער ניט פאַראַן. עס איז קיין זכות, קיין איין ליכטיג דערלייזענד וואָרט ניט פאַ-ראַן, ניט פאַר יחיד, ניט פאַר כלל. אַלע אָן אויס-נאַם שטייען אונטער דעם איינעם, דעם גרויזאַמען

אורטייל, אונטער דער איינער גרויזאַמער פאַר־
דאַמונג:

פ אַ ל ק ו ו י ל ב ל ו ט.

דער נייער און מערקווירדיגער מאָטיוו רופט
אַרויס אַ מערקווירדיגע, זאָנדערבאַרע פּאַבולע. אויב
דאָס פאָלק וויל בלוט, דאַן נעמט טאָלער, מיט טיי־
פעלשער גרויזאַמקייט און מעפיסטאָפעלישער
שאַרפקייט, און טראָגט אים אונטער אַ מאָדנעם
מאכל אויף אַ טעלער זיך צו קוויקען . . .

ווען הינקעמאַן פרעגט דעם צירקוס־מאַן וואָס
זיין אַרבייט וועט זיין, ענטפערט אים יענער:

„דאָ אַ שטייגעל מיט ראַצען, און דאָ אַ שטיי־
געל מיט מייז — און אייער נומער: ביי יעדער
פאָרשטעלונג דורכבייסען ביי איין ראַץ און ביי
איין מויז די העלזער. לעקען אַ פאָר צוגען בלוט...
אַ זשעסט! אַוועק! און דאָס פאָלק שטורמט
פון לוסט!“.

די פאַבולע איז אַזוי עקעלדיג אַז זי יאָגט אַזש
אַ שרעק אַרויף. ניט טאָלער, — מעפיסטאָפעל האָט
דידאַזיגע סצענע געשאַפען. מעפיסטאָפעל איז גע־
זעסען ביי טאָלער׳ן אין געדאַנק, ווען דערדאָזיגער

איינפאַל, דידאָזיגע אומנאַטירליכע סצענע איז גע־באָרען געוואָרען. וואָרום איבערמענשליך איז דער עקעל, איבערמענשליך דער ציניזם, איבערמענש־ליך די פאַראַכטונג, וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָ־רען אין דעמדאָזיגען איינפאַל, צו געבען די מויז אין די ציין פון דער מענשהייט צו זעטיגען איר בלוט־דורשטיגקייט. וואָרום ניט הינקעמאַנ׳ען אַליין גיט טאָלער די מויז צו עסען, אַלעמען, דער מאַסע, דער מענשהייט, גיט ער עס דורך אים. עס איז עקעל דערהויבען ביז גייסטערהאַפטיגקייט ; עס איז אין דער קונסט פון העסליכקייט — אַ שפּריץ פון געניאַליטעט.

דיזעלבע פאַראַכטונג טראָגט טאָלער אריין אויך אין די שילדערונגען פון די אַנדערע זייטען פון דעם לעבען פון דער געזעלשאַפט. איר אויסגעלאַסענ־קייט איז נאָך אפילו גרעסער ווי איר בלוטדורשט. אַלע זיינען דאָרט פאַרטרונקען אין אַ ים פון זנות. זנות גיסט זיך אַריבער איבער די ברעגעס פון דעם ווערק. פריאַפּ איז אין אמת׳ן דער סימבאָל פון דער־דאָזיגער געזעלשאַפט, די גאַס אין דער סצענע איז ניט סתם אַ גאַס: עס איז אַ „הייזעל" פון וועלכער די ווענט זיינען צונומען געוואָרען. און אַפילו מער

ווי דאָס: עס איז אַ שפּיטאָל, עס איז אַ משוגעים־הויז. דאָס משוגעים־הויז פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע. זעלטען־וואו איז אַזוי פיל מיסט און מיאוס׳קייט צונויפגעשאַרט געוואָרען אויף אַזאַ קליינעם פּלאַץ, ווי דאָס האָט געטאָן טאָלער אין דערדאָזיגער קליינער סצענע. ווען „הינקעמאַן" שטייט אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן לאָמפּען־סלופּ ציען זיך דורך פאַר זיין אויג אַן אַרמיי פון מאָראַליש־קראַנקע. אַלע קלאַסען, אַלע עלטערס, אַלע געשלעכטער, אַפילו באַזונדערע פעלקער און ראַסען זיינען דאָ. עס איז אַ וועלט פון גייסטיגער אויסגעלאָשענקייט, פון מאָראַלישער צעפאַלונג, פון פאָלשטענדיגער פיזישער ענטאַרטונג.

אין אַ פריערדיגער סצענע זוכט אַפילו אַן אַרבייטער, אַ לעבעיונג וואָס פאַרפירט שפּעטער הינקעמאַנ׳ס ווייב, צו „באַגרינדען" די זנות „טעאָרעטיש". וואָס האָט דען דער אַרבייטער אין לעבען אַנדערש, ווי די ליבע? — ערקלערט ער מיט טיפקייט הינקעמאַנ׳ען, — וואָס בלייבט זיין איינציגער פאַרגעניגען? „פאַר אונז פּראָלעטען איז די ליבע גאַנץ וואָס אַנדערש, ווי פאַר די רייכע", זאָגט ער. „וואָס וואָלט אַן אונזעריגער געהאַט פונ׳ם לעבען,

וועז ער וואלט ניט יעדען טאג כאטש קענען זיין ביי זיין מיידעל".

פון אלע אידעאלען איז געבליבען נאר — דאס מיידעל.

אין אט אזא געזעלשאפט, וואו זנות איז גאר דער לעבענס־אינהאלט, וואס איז די העכסטע טראגיק? וואס קען זיין, פון דעם אויסזיכטס־פונקט פון אזא געזעלשאפט, דאס טיפסטע מענשליכע ליידען? ווער איז דא דער טראגישער העלד?

עס וואקסט ארוים מיט קינסטלערישער לאגיק און קינסטלערישער איראניע, אז יענער איז דא דער טרעגער פון שווערסטען שיקזאל ווער עס איז אומפייאיג געווארען פאר אזא לעבען, — די ענטוויבטע פרוי, דער ענטמאנטער מאן. הינקעמאן, אט דער מענליכער ריז, אויפ'ן אויסזען דער פיינסטער מוסטער פון א זכר, אבער אין אמת'ן נאר ווי אן אויסגעדארטער נוס — דאס איז דער אידעאלער העלד פון טראגיק פאר א געזעלשאפט ווי די וואס טאלער מאלט אויף. טאלער'ס קינסטלערישער גייסט האט אבער א מאדנע אייגענשאפט פון עקסאגאמיזירונג. דורך א מין קינסטלערישער חריפות מאכט ער הינקעמאן זאל האבען געפונען זיין אומ־

גליק — אין דער מלחמה, דורך דעם מענשענ׳ס גלוסטיגקייט נאָך בלוט, און אויף אזא אופן ווערען די צוויי מאָטיוועז, בלוט און זנות, פארקניפט אין איינעם, און די צוויי צדדים, יחיד און כלל, ווערען פארבונדען אין אַ מאָראַלישע שייכות:

דאָס פאָלק האָט געוואָלט בלוט און הינקעמאַן איז געגאַנגען — אַ שליח צבור. אָבער צוריקגע־קומען איז ער — אויסגעשלאָסען אויף אייביג פון לעבענס־פרייד.

טאָלער שטעלט דאָ די געזעלשאפט אין אַ מאָ־ראַלישער פאַרפליכטונג צו הינקעמאַנ׳ען. עס איז צווישען זיי אַ געוויסענס־פראַגע.

ווי ווערט דאָ די געזעלשאַפט דערפילען איר פליכט צו איר אייגענעם קרבן? הינקעמאַן ווערט באַלוינט דערמיט, וואָס ער ווערט אָפּגענאַרט פון זיין ווייב, פאַרראַטען פון זיין פריינט, און וואָס נאָך ערגער פון אַלץ: פון אַלעמען פאַרשפּאָט, אויס־געלאַכט.

געזעלשאַפט, פאָלק, מאַסע — ה אַ ב ע ן נ י ט ק י י ן ג ע ו ו י ס ע ן. דאָס איז טאָלער׳ס נייע דערגרייכונג אין דער סאָציאַלער פסיכאָלאָגיע. אין „מאַסע־מענש" האָט ער דערזען די מאַסע אַלס

ווילענלאַזע זאַך ; אין „מאַשינען־שטורמער" (אין דזשימי'ס דערמאָרדונג) — מאַסע אַלס גרויזאַמע זאַך ; אין „הינקעמאַן" — מאַסע אַלס געוויסענלאָזע זאַך. עס געהער צו די געהיימניסען פון מאַסען־פסיכיק אַט די מערקווירדיגע דערשיינונג. וואָס מאַסע און געזעלשאַפט ווייס ניט פון שולד. דער־מאָרדעט איינער אַ מענשען, אַליין, באַהאַלטען, איז ער ביי זיך אין האַרצען מערדער, ליידט חרטה, גע־וויסענביסען. מאָרדעט אַ סאָלדאַט אין אַרמיי־כלל ווייס ער ניט פון קיין שולד, ווייס ניט פון חרטה. אין כלל צוגייט שולד ווי אַ רויך אין די ברייטע רוימען.

אַט אין אַזאַ געזעלשאַפט, אַ געזעלשאַפט בלוט־דורשטיג, אויסגעלאַסען, גרויזאַם, ווילענלאַז און גע־וויסענלאַז — וואָס איז דער שיקזאַל פון דעם איינ־צעלנעם ? אַט די פראַגע איז דער נייער אויס־גאַנגס־פונקט אין „הינקעמאַן". זי איז פאַר טאָ־לער'ן אַ נייער עטאַפּ אויף זיין קינסטלערישען וועג. צום ערשטען מאָל שטעלט ער יחיד און כלל אין אַ נייער באַציאונג. אין „וואַנדלונג", אין „מאַ־סע־מענש", אין „מאַשינען־שטורמער" איז די סאָ־ציאַלע פראַגע, דער כלל־שיקזאַל, דער עיקר. אין

„הינקעמאַן“ אָבער טרעט שוין אַרויס אינדיווי־
דועלער שיקזאַל אַלס הויפּט אינטערעס. דער פּראָ־
זשעקטאָר אויף טאָלער׳ס בינע איז שאַרף אומגע־
דרייט: דאָס ליכט איז אַריבערגעפירט פון דער
מאַסע אויף דעם איינצעלנעם.

די געזעלשאַפט אין זיך אַליין הערט פּלוצלונג
אויף צו האָבען פאַר טאָלער׳ן אַן אינטערעס.
אַוועקגערוקט אין אַ זייט ווערען אַלע פריערי־
גע גרויסע חלומות, געהילט אין שאָטען די שיינע
אילוזיעס פון וועלט־אויסלייזונג און מענשהייטס־
באַפרייאונג. אין דער נייער פּערספּעקטיוו, פון דעם
נייעם אויסזיכטס־פּונקט, פון דעם אויסזיכטס־פּונקט
פון דעם איינצעלנעם, זעען אים איצט אויס די דאָ־
זיגע אַלע חלומות אַפילו — נאַאיוו, כמעט נאַריש.
אין דער סצענע אין דעם קליינעם אַרבייטער־
שיינק ווייזט אונז טאָלער די לעצטע ברוך־שטיקער
פון די דאָזיגע חרוב׳ע וועלטען. אַ גרופּע אַר־
בייטער זיצען ביי זייער ביר. שינדעל־דעקער און
ציגעל־דעקער קריגען זיך ווער עס איז אַ גרעסע־
רער יחסן אין דער וועלט — דאָס איז אַלץ וואָס איז
איצט געבליבען פון דעם אידעאַל פון „פאַרקניפּטען
פאָלק“, פון „אַרבייטער אין געמיינשאַפט“.

פּעטער אימערגלייך איז צופרידען מיט זיך און מיט דער וועלט אַבי מען זאָל אים נאָר לאָזען צורו, צורו מיט זיין גלאָז ביר. מיכעל אומבאַשוועמט — ווירק־ליך אַ „מיכעל“, פאַר וועמען, ווי פאַר'ן גולם, קיין זאַך איז ניט צו שווער. אַלץ איז דאַך אַזוי פּשוט און קלאָר: דאָס פּאַרטיי - ביכעל פאַרענטפערט אַזוי גרינג אַלע קשיות . . . ווי אַ נאַר פון האַלץ, ווי אַ שטיינערנער געץ פון לעכערליכקייט. זעט ער אויס אין אנגעזיכט פון הינקעמאַנ'ען, וועלכער שטעלט אַרויס די מורא'דיג גרויזאַמע פראַגע: „אבער ווען אַ מענש איז קראַנק, אינערליך קראַנק, אָדער אויסערליך קראַנק . . . וואָס וועט מיט אים געשען אין דער נייער געזעלשאַפט? וועלען אים דערמאָלט אייערע פ אַ ר נ י נ פ ט י ג ע א ו מ־ ש ט ע נ ד ע ן געזונט מאַכען?“

אַ שאַרפער ריס צווישען דעם יחיד און דעם כלל ווערט דאָ געמאַכט. וואָס קומט אַרויס פון אַלע סאָציאַלע אוטאָפּיעס און אַלע אידעאַלען פון געזעלשאַפטליכער פאַרבעסערונג? עס איז לכתחלה געווען אַ טעות. אפילו אין דער נייער גע־זעלשאַפט, אין פאַרנינפטיגע סאָציאַלע אומשטענ־דען וועט דער וואָס איז קראַנק אין זיין נשמה אַליין

בלייבען קראַנק און גיין אַליין מיט זיין שמערץ און טרויער. עס איז געווען אַ טעות פון אָנהויב אָן אַרויפצולייגען אַזוי פיל דערוואַרטונגען אויף פאָלק, געזעלשאַפט. די פּראָבלעמען, די ליידען פון דעם איינצעלנעם קענען דורך דער געזעלשאַפט איבער־הויפּט ניט געלייזט ווערען. דאָס פּראָבלעם פון דעם איינצעלנעם ווערט דאָ אַ ר ו י ס ג ע נ ו מ ע ן פון דער סאָ צ י אַ ל ע ר ס פ ע ר ע און ווערט אַריבערגעטראָגען אין אַ נייעם רייך, אַ רייך וואָס איז זאָנדערבאַר, אַפילו איבערראַשענד פאַר אַ נאַר־וואָס געוועזענעם רעוואָלוציאָנערען דענקער.

זאָגט הינקעמאַן צום שלום:

„איך שטיי דאָ . . . איך שטיי דאָ קאָלאָסאַל און לעכערליך . . . שטענדיג וועלען מענשען שטיין אין זייער צייט ווי איך. ווארום אבער טרעפט עס מיך. גראַדע מיך? אָן איבערקלייבען טרעפט עס. דעם טרעפט עס און יענעם טרעפט עס . . . דעם טרעפט עס ניט און יענעם טרעפט עס ניט . . . וואָס ווייסען מיר? פון וואַנען? וואוהין? יעדער טאָג קען דעם גן־עדן ברייננגען, יעדע נאַכט דעם מבול“ . . .

אין דער ספערע פון מ ע ט אַ פ י ז י ק טראָגט דאָ טאָלער אַריבער דעם שיקזאַל פון זיין העלד, און דורך אים דעם שיקזאַל פון יעדען מענ־שען. הינקעמאַן איז ניט קיין פילאָזאָף; ער איז אַ

פּראָסטער מענש, אָבער ער האָט געליטען, און ליי־
דען מאַכען טיף. „דער שאָס איז געווען ווי אַ
פּרוכט פון עץ־הדעת — זאָגט ער — וואָס איך זע
ווערט מיר וויסען און וויסען לייד". און פון די
ליידען איז ער אַ דיינקער געוואָרען, פון די טיפּעני־
שען פון זיין צושאָסענעם לייב און זיין צוריסענעם
האַרצען האָט ער זיך דערטראַכט צו אַן אייגענער
פילאָזאָפיע, צו אַ פילאָזאָפיע פון אַ מין ס אָ צ י אַ ־
ל ע ן פ אַ ט אַ ל י ז ם. „וואָס וויסען מיר?
פון וואַנען? וואוהין?" — פרעגט ער. עס איז
ניטאָ קיין שכל אין די דאָזיגע אַלע זאַכען, ניטאָ קיין
זין אין געזעלשאַפטליכען לעבען. עס איז למעלה מן
השכל. אומזיסט די אַלע טעאָריעס פון נייע גע־
זעלשאַפטען, פון צוקונפטיגע אוטאָפּיעס. יעדע
טעאָריע איז אַ פּרוב צו ראַציאָנאַליזירען דאָס לע־
בען, אָבער דאָס לעבען איז אַן ראַציאָ, אָן שכל.
עס איז אַ בלינדער פּלאָנטער פון קרעפטען. עס איז
אַ ריזיג שפּיל פון טרעף און פעל. עס קען פּונקט
אַזוי קומען אַ מבול ווי אַ גן־עדן אויף דער ערד ...

אין דעם דאָזיגען אורטייל ליגט מער ווי אַן
ענטוישונג מיט אַלע געזעלשאַפטליכע טעאָריעס.
עס ליגט דאָ אַ נעגאַציע, וואָס איז אַבסאָלוט, וואָס
איז פאַטאַליסטיש. עס ווערט דאָ געלייקענט, אַז

דאָס סאָציאַלע לעבען ווערט איבערהויפּט רעגירט פון שכל'דיגע און פאַרשטענדליכע געזעצען. ערשט ניט לאַנג איז טאָלער געוועזען אַן אַנהענגער פון אַ טעאָריע, דעם סאָציאַליזם, וואָס איז חלף־שאַרף אין איהר לאָגישקייט. איצט האָט ער דערגרייכט צו אַ פּונקט וואו ער לייקענט אַפילו די מעגליכקייט פון סאָציאַלער לאָגיק. עס איז דער שפּיץ פון סאָציאַלען פּעסימיזם. עס איז אַ טיפע ט ר אַ ג ע ד י ע פ ו ן ד ע ם פ אַ ר ש ט אַ נ ד.

עס איז אַ טראַגעדיע פון דעם האַרצען און אַ טראַגעדיע פון דעם קאָפּ.

און הינקעמאַן שטאַרבט. ער וויל ניט זיין בלויז אַ זאַך, פאַר די מענשען צו איבען זייער חוש פון געלעכטער און חוזק. דאָס פיינליכסטע פאַר אים איז זייער חוזק. ער שטאַרבט ווי „די פרוי", ווי „דזשימי" איז געשטאָרבען, אָבער בשעת יענע זיינען געשטאָרבען דורך די הענט פון אַ נ ד ע ר ע, פון מאַסע אָדער פון שטאַט, שטאַרבט הינקעמאַן פון אייגענער האַנט. ער שטאַרבט דעם טויט פון פילאָזאָפישער ענטוישונג. „ווער עס האָט ניט קיין כח צום טרוים — זאָגט ער — דער האָט ניט קיין כח צום לעבען". דער

טרוים איז צערונען, און דעריבער דער טויט, טויט פון אייגענער האַנט.

אָבער ווי די פאַרגיינגער פאַר אים גייט אויך הינקעמאַן ניט אַראָפּ פון דער סצענע איידער ער לאָזט איבער אַ צוואה וועגן דעם מענשען:

„אין קריג האָבען זיי געליטען און האָבען זייערע הארצען געהאַסט און האָבען געפּאַלגט און האָבען גע־מאָרדעט . . . זיי האָבען אַליז פאַרגעסען . . . זיי וועלען ווידער ליידען און וועלען ווידער זייערע האַ־רצען האַסען און וועלען ווידער פאָלגען און וועלען ווידער מאָרדען. אַזוי זיינען די מענשען . . . זיי פאַר־שטיינען דעם גייסט, זיי פאַרשפּאָטען אים, זיי שענ־דען דאָס לעבען . . . זיי קרייציגען עס . . . שטענדיג און אַלעמאָל . . .

עס איז אַ צוואָה פון שוואַרצען פּעסימיזם, אַ טרויעריגע נבואה. דער מענש איז ניט נאָר שלעכט פון אָנהויב אָן, נאָר אויך אויף אימער און אייביג. ער איז אומפעיאיג זיך צו בעסערען. ער קען ניט אומגעבאָרען, אומגעשאַפען ווע־רען. ער איז אויף אייביג פאַר׳משפּט צו זיין וואָס ער איז. „זיי האָבען געהאַסט און האָבען געפּאָלגט און האָבען געמאָרדעט און וועלען ווידער האַסען און פאָלגען און מאָרדען. אימער און איי־ביג“.

אַט דאָס איז דער טרויעריגער ציל צו וועלכען טאָלער איז דערגאַנגען, דער אַנדערער עק פון דעם וועג אויף וועלכען ער איז, אין „וואַנדלונג“, אַזוי האָפגונגספול ארויסגעטראָטען. עס האָט אויגע־זען אַזוי גרינג אין אָנהויב, אַזאַ איינפאַכע אויפגאַ־בע. ערד איז גוט, מאַשין איז גוט, מענש איז גוט. בלויז די אָרדנונג איז שלעכט. מען דאַרף נאָר דעם גוטען, דעם עטישען מענשען אַרויסגראָבען פון אונטער דער שלעכטער אָרדנונג און אַן אייביגע האַרמאָניע אין דער וועלט קען איינגעשטעלט ווע־רען!

און אַזוי — פיר סאָציאַלע דראַמעס האָט טאָ־לער געשריבען און יעדע דראַמע איז געווען אַן עטאַפּ אויף זיין וועג צו זוכען דעם גוטען מענשען. אין „וואַנדלונג“ איז עס מיט טריאומף פּראָקלאַמירט געוואָרען: דער מענש איז גאָט; אין „מאַסע־מענש“ איז שוין די ליכטיגע וויזיע שטאַרק פאַרטונקעלט און עס ווערט שוין שרעקע־דיג געזאָגט בלויז: דער מענש ו ו י ל גוט זיין; „מאַשינען־שטירמער“ פאַרטיידיגט שוין מער ניט, נאָר קלאָגט אָן: — דער מענש איז טיראַן; און אין „הינקעמאַן“ — פולשטענדיגע קאַטאַסטראָפע: דער

מענש איז נאָר אַ בלוטיגע חיה, אַ בלויזער מערדער, וואָס קען קיינמאָל ניט בעסער ווערן . . .

פיר דראַמעס — פיר מדרגות אין אַ געדאַנקען־גאַנג, פיר אַקטען פון איין גרויסער דראַמע, פון איין גרויסער טראַגעדיע, די טראַגעדיע „ערנסט טאָלער", די טראַגעדיע פון אַ זוכענדען גייסט . . .

---

מיר ווייסען ניט צי ערנסט טאָלער איז דעם דיכטער'ס אמת'ער נאָמען. גיכער איז עס אַ פסעוודאָנים, וואָס טראָגט אַזאַ זאָנדערבאַרן זין: ערנסט וואַנזיניגער, ערנסט נאַרישער. וועלכער אינסטינקט האָט דאָ דעם דיכטער, ביים אויסקלייבען דעם נאָמען, אונטערגעזאָגט, אַז עס איז אומזין, נאַריש, „טאָל", וועלט און מענש צו נעמען אַזוי טראַגיש ערנסט?

---